אלפים מאושרים, כי סוף סוף נפטרו מענויי התופת. באחד הלילות בתחילת ינואר 1945 תקפה אותי רוח מרידה, ומבלי לחשוב הרמתי ידי לשמים וחזרתי על תפילת שמשון ,,זכרני נא וחזקני נא אך הפעם הזה" ועזבתי את שורות ההולכים ופניתי הצידה לתוך היער. כך נמלטתי מן המחנה ה,,טרנספורט" שלי. מצאתי מחסה בכפר שמילוביץ, לא הרחק מעיירת הגבול גלאוויץ. בכפר הזה נשארתי עד כניסת הרוסים. בהתחלת פברואר שנת 1945 השתחררתי וחזרתי לעיר טרנוב. כאן בימים הראשונים היה כבר ועד־יהודי מהיהודים אשר הספיקו להתחבא ביערות בלחימה פרטזנית, לוחמים משארית הפליטה כמוני. הועד נתן לנו את התמיכה הראשונה. לטרנוב חזרה גם בתי הבכירה ובחדש מאי 1945 החלטנו לעזוב את פולין לגמרי. טולטלנו בהרבה מקומות עד שהגעתי בשנת 1949 ארצה. כאן נקלטנו בקרית־שמואל בחיפה.

ב"ה שנזכה לגאולה שלמה במהרה ובימינו אמן.

## ראשי פרקים מאת יהודה לייב קמפס
## נכתב ע"י חיים בטלן

מאת: ד"ר אברהם חומט

## ב ז ש ע ס ק א (בריגל)

א קרייז־שטאט אין קראקעווער וואי־עוואדשאפט.

די צאל איינוווינער אין יאר 1880 האט באטראפן 3144 נפשות-דערפון יידן 1963–62%
די צאל איינוווינער אין יאר 1890 האט באטראפן 3246 נפשות-דערפון יידן 2245 –69/
די צאל איינוווינער אין יאר 1900 האט באטראפן 3444 נפשות-דערפון יידן 2318–67%
אין יאר 1931 האט די צאל יידן אין בזשעסקא באטראפן 2101 נפשות.* )'

לויט די ידיעות, וואס געפונען זיך אינעם ,,לוח פאר ישראעליטן" פאר דעם יאר 1914־15, ארויסגעגעבן פונעם עסטרייכיש־ישראליטישן פאראיין ,,אוניאן" אין ווין, האט די בריגלער קהילה ארומגענומען אין דעם בודזשעטיאר 1914־15 1125 נפשות, און דעם 832 קהילה־שטייער צאלער. ראש הקהל איז דעמאלט געווען אין בריגל הנוך קלאפהאלץ און זיין פארטרעטער איז געווען ישראל האפשטעטער. צו דער קהילה־פארוואלטונג האט געהערט נאך שלמה קאס. פארטרעטער פון שטאט־רב זענען געווען חיים טייטלבוים און מנשה קאפלער. קהילה־סעקרעטאר איז געווען לעא שטירער, בראש פון דער חברה קדישא איז אין דעם יאר געשטאנען ח. גוטפרוינד, וועלכער האט אויך געפירט די בריגלער תלמוד־תורה. אין בריגל זענען דעמאלט טעטיק געווען די פאראיינען, ,,מחזיקי עניים וחולים", אנגעפירט דורך שלמה פלאנצער און דער פאראיין ,,לומדי תורה" מיט ב.לאנדאו בראש. עס האט אויך דעמאלט עקזיסטירט אין בריגל א פרויען־פאראיין פאר באקליידן ארעמע קינדער מיט פרוי י.קלאפהאלץ אלס פארזיצערין און אן אלגעמיינער פרויען־פאראיין פאר קראנקע פרויען מיט פרוי מאריע קאס בראש. די הכנסות און הוצאות פון דער קהילה אין דעם בודזשעט־יאָ 1914־15 האט באטראפן 37.717.71 עסטרייכישע קראנען.

נאכן צעפאלן פון דער עסטרייכישער אימפעריע אין יאר 1919 האט א כוואליע פון אנטי יידישע עקסצעסן געבושעוועט אין גאנץ מערב־גאליציע. ווי מיר לייענען אין

דער לעמבערגער „כווילא" פון 25.10.1919 (נומ. 280) האבען די יאדזבניקער פוירעם געמאכט א בלוטיקן פאגראם אין דעם שטעטל בריגל. בעת וועלעכע עס זענען פאר־ברענט געווארן 8 יידישע הייזער און געהארגעט זענען געווארן דריי יידן, דערבײ זענען אין בזשעסקא גופא אויסראבירט געווארן וווינונגען פון 241 יידישע משפחות, דער אלגעמיינער שאדן פון די ראבירונגען האט באטראפן 6 און א האלבן מיליאן עסטרייכישע קראנען צום ווידעראויפבוי פונעם צעשעדיקטן יידישן ישוב אין בריגל האט נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה פיל בייגעטראגן די גמילת־חסדים־קאסע, וועלכע האט אויף דער גענעראל־פארזאמלונג אויסגעוויילט פאלגנדיקע פאר וואלטונג: ד"ר אלעקסאנדער דייכעס אלס פרעזעס, פראפעסאר פירסט אלס זיין פארטרעטער, ש. שנור אלס קאסירער, יעקב פאוסט אלס סעקרעטאר און די מיט גלידער: י. ווייסבארט, יוסף שינדלער, הירש פעפפער, ש. סאנדעצער און וואלף בראנסדארפער.

פון גרויסער וויכטיקייט איז געוועזן די טעטיקייט פונעם פאראיין „הילף פאר יתומים", וועלכער האט אויף דער גענעראל־פארזאמלונג אין חודש יוני 1936 אויס־געוויילט פאלגנדע פארוואלטונג: פרוי דייכעס אלס פארזיצערין, פרוי בלאך אלס פארטרעטערין, פרוי טארבע אלס קאסירירערין, און פרוי ערנא הערשקאוויץ אלס סעקרעטארין. אלס פארוואלטונגס־מיטגלידערינס זענען געוויילט געווארן די פרויען שטיל, היי באום, ד"ר שטיל. צו דער רעוויזיאנס־קאמיסיע זענען געוויילט געווארן יוסף שינדלער יעקב פאוסט און ש. שמיד.

א זייער דערפאלגרייכע טעטיקייט האט אנטוויקלט דער ציוניסטישער לאקאל־קאמיטעט, צו וועלכן עס האבן געהערט ד"ר קריטענשטיין אלס פרעזעס און די אקטיווים ש. שנור, יעקב פאוסט, א. שפילמאן, ד. גרין. ש. איינהארן און ה. לעבעל. מיט דער ארבעט פארן ק.ק.ל. האט אנגעפירט פאוסט, בראש פונעם קאמיטעט „עזרע לחלוצים" איז געשטאנען פערלבערגער (אלגעמיינע ציוניסט), וו. הירשפעלד (מזרחי) איז געווען וויצע־פרעזעס, סעקרעטאר איז געוועזן ח. שטיינלאו („השומר הצעיר") און נ. אייזען (ציוניסטישע ארג.) איז געוועזן קאסירער. עס האבן געהערט צום עזרע־קאמיטעט ל. אולמאן (אלג. ציו.) ב. אפפעלבאום אלס דעלעגאט פון „עקיבא" – ארגאניזאציע, און איין דעלעגאט פון הנוער הציוני.

זייער אקטיוו איז געוועזן אין בריגל דער גימנאסטישער ספארט־פאראיין „מכבי". אין יאר 1936 איז פרעזעס פונעם פאראיין געוועזן עדמונד שטראובער און פארטרעטער איז געוועזן אברהם טייכטאל. סעקרעטאר איז געוועזן העניק געלער בערגער און צו דער פארוואלטונג האבן נאך געהערט: שלמה שפילמאן, שמואל פערלמאן ש. וועסטרייך און מענדל פארסט. די אלגעמיין־ציוניסטישע יוגנט איז געוועזן ארגאניזירט אין צוויי ארגאניזאציע: הנוער הציוני מיט ר. מאזעס אלס אנפירער און עקיבא מיט בארגעניכט בראש. גוט ארגאניזירט איז געוועזן דער „השומר הצעיר" מיט אהרן קאננער אלס אנפירער.

אין חודש מערץ און אפריל 1942 איז אין בריגל דורכגעפירט געווארן אן אויסזיצ־לונגס־אקציע און אין אויגוסט 1942 איז פארגעקומען אין בריגל די פולשטענדיקע אנטי יידישי אויסזידלונגס־אקציע און די שטאט בריגל איז געווארן „יודענריין".

מאת בונעם פלאנצער

# דאס שטעטל בריגל

בריגל (בזשעסקא), א מערב־ גאליציאנער יידיש שטעטל מיט אירע ספעציפישע אייגנשאפטן וואס האבן זיך אויסגעדריקט אין אירע לאקאלע כאראקטער שטריכן וואס די יידן אין שטעטל האבן דורות לאנג געשפינען.

דאס שטעטל האט זיך געפונען אויפן הויפטוועג קראקאוו־טארנאוו, די יידישע איינוווינער זענען געווען אן אבסאלוטע מערהייט העכער פינף הונדערט יידישע משפחות, וואס האבן געציילט בערך 3.500 נפשות.

## 1. די באשעפטיקונג פון די יידן אין שטעטל

עס ווייזט זיך אויס, אז צוגלייך מיט א סך אנדערע שטעטלעך אין קראקעווער וואיעוואדשאפט וועלכע זענען אנטשטאנען מיט א זיבן הונדערט יאר צוריק און זייער עקזיסטענץ־רעכט איז געווען יורידיש באגרענעצט סיי אין תחום פון באזעצן זיך און אויך אין זייער באשעפטיקונג, וואס האט זיך באגרענעצט נאר צו האנדל און: האנדווערקעריי.

ביי אונדז אין שטעטל איז דער האנדל געווען אין יידישע הענט. יידן האבן געהאנדלט, אנהויבנדיק פון א ברויט ביז אן אקס און פון נאדל־פאדעם ביז די לענגסטע אייזן־שטאבעס.

ווי שוין דערמאנט איז נישט בלויז האנדל געווען די יידישע באשעפטיקונג. אויך די האנדווערקעריי איז געווען כמעט 99% אין די יידישע הענד, אנהויבנדיק ביי די היטלמאכערס, בערשט־מאכער, זייגער־מאכער, ציקערלעך־מאכער, בייטל־מאכער שניידער, שיסטער, קאמאשן־שטעפער, סטאלערעס בלעכער, שטובן־מאלער, גלעזער, שערער (בעל־בירער), קירזשנער, בעקער, פלייש־העקער, דרוקער און א.ד.ג.

אויסער צוויי פאכן: א שמידער און שלאסער האבן זיך געפונען אין די הענט פון פאליאקן.

איך וויל באמערקן אז א דריטל פון דער יידישער באפעלקערונג זענען געווען האנדווערקער.

## 2. דער ספעציפיש חסידישער כאראקטער פונעם שטעטל

טראץ דעם, וואס באלד נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה האבן ארייגעדרונגען אויך אין בריגל נייע גייסטיקע און קולטורעלע שטראמען, איז אלץ דאס שטעטל געבליבן ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה און דער דייטשער אקופאציע ווי פארגליווערט אין איר אייגנארטיקן חסידישן כאראקטער, אנהויבנדיק מיט איר „תלמוד תורה" פאר קינדער און אירע בתי־מדרשים, ווו יידן, עלטערע און בחורים, זענען געזעסן און געלערנט „תורה לשמה".

איך געפין פאר נויטיק צו דערמאנען עטלעכע קאנצענטרירונגען פון בעלי־בתים און בחורים, וואס האבן געשאפן אייגנארטיקע, שיינע אנשטאלטן פאר זיך: דאס גרויסע „חסידים שטיבל", ר' אפרימלס בית־מדרש, דעם וויעליפאלער רב'ס בית־מדרש און דער מרא־דאתרא ר' משה ליפשיץ מיט זיין בית־מדרש און דעם שטראלנדיקן חסידים צענטער פון דער יוגנט, די „באבעווער חסידים ביי ר' היימעלע דיין זצ"ל.

## 3. די ציוניסטישע ארגאניזאציע

ווי שוין אויבן דערמאנט, איז בריגל געווען א חסידיש שטעטל, אבער עס איז נויטיק צו באמערקן, אז אין די לעצטע צוואנציק יאר פאר דער צווייטער וועלט מלחמה האט זיך געשאפן די ציוניסטישע פארטיי און אין משך פון די יארן איז זי זייער פארצווייגט געווארן, ספעציעל ביי דער יוגנט. דער „השומר הצעיר", די „עקיבא", דער „ביתר", די לינקע „פועלי ציון", „פועלי אגודת ישראל", „מזרחי" דאס זענען געווען פילפארביקע באוועגונגען מיט אן אינטענסיווער קולטורעלער אידעישער טעטיקייט, פון יעדע גרופע פאר זיך און אלע צוזאמען – מיט זייערע פלאמיקע דיסקוסיעס צווישן זיך. זיי אלע צוזאמען האבן אריינגעברענגט א נייעם שטראם אין געזעלשאפטלעכן לעבן פון שטעטל. אבער אויך ביי די דאזיקע בלומרשטע נייע באוועגונג האט זיך געמערקט, אז זיי זענען נישט מער ווי דער המשך פון דעם אריגינעלן חסידישן שטעטל, אלס צייכן קאן אונדז דינען די התלהבותדיקע חסידישע געזאנגען מיט אירע עקסטאזע טענץ, אין די יוגנט־ארגאניזאציעס. אלץ צוזאמען דייט אונדז, אז אויך די נייע שטראמען האבן נישט געענדערט דעם חסידישן גייסט און אינהאלט פון שטעטל און דאס באגלייט אונדז אונדזער לעבן.

ליידער, צום גרויסן באדויערן, האבן באוויזן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל א קליינע צאל פון אונדזער שטעטל, פאר דעם חורבן וואס איז געקומען אויף דער גאנצער יידישער קהילה אין בריגל.

## 4. די מלחמה־צייט אין שטעטל

אין חודש סעפטעמבער 1939 האבן די נאצי דייטשע מערדער ארייננמארשירט און אקופירט דאס שטעטל און באלד פארוונדעט און אויסגעמארדעט עטלעכע צענדליק יידן. זיי האבן אויך פארברענט די שטאטישע שול מיט די כלי קודש און ספרי תורה. דאן האבן זיי ארויס געגעבן שווערע ביטערע גזירות אויף די יידן. זיי האבן געשאפן דעם אזוי גערופענעם „יודענראט" מיט איר יידישע פאליציי, וואס מען האט זיי גערופן „ארדנונגס־דינסט". וואס האט צו אונדזער שאנד און שפאט נאך מער פארביטערט אונדזער ביטער לעבן. אויך די פאליאקן האבן אויסגענוצט אונדזער הפקר־צושטאנד און הילפלאזיקייט. זיי האבן ראבירט, געפייניקט און געמארדעט יידן, מיט דעם פאלאקישן אייפער און פארגעניגן.

## 5. דאס געטא און זיין ליקווידאציע

עס איז אנגענומען געווארן סיי ביי אונדז יידן און סיי ביי די אומות העולם, דער נאמען „געטא" און זיין אינהאלט, וועלכער שטאמט נאך פון מיטלאלטער־וואס. האט באדייט באגרענצונג אין די דעמאלדיקע צייטן, איז נישט מער וויא שאנד־פלעק אין דער היסטארישער קולטור־וועלט – אויך אויפן באגריף קולטור־וועלט" איז א גרויסער פראגע־צייכן צי זי איז בכלל פאראן. דאס געטא אין די מלחמה־צייטן פון היטלערן ימ"ש איז נישט געווען קיין „געטא" נאר אויסראטונגס־לאגערן. אין דער קורצער צייט וואס ביי אונדז האט עקזיסטירט דער „געטא" זענען אויסגעשטארבן פון הונגער און פיין און קראנקייטן הונדערטער יידן.



רפאל פרלמן
ראה כתבה עמוד
עמוד 32



גד בוכמן
ראה כתבה עמוד
עמוד 47



יהושע שנור
ראה כתבה עמוד
עמוד 51




במרתף
השואה
בין שתי,
המצבות
של עיירת רזפיניק
בה נולדתי
ושל בריגל בה גדלתי

אין צווייטן טאג ראש־השנה תש״ג האבן די דייטשן מיט דער הילף פון די פאליאקן צונויפגענומען דאס לעצטע ביסל יידן אין „געטא״ און צומארגנס, „צום גדליה״ האבן זיי ארויסגעפירט די יידן צו די באן, באגלייט מיט מערדערלעכע שלעגערייען און שיסערייען, און דאן זיי אריינגעפאקט אין לאסט־וואגאנען און זיי אוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ. דארט זענען זיי אויסגעמארדעט געווארן. קיין איינציקער ייד איז פון דארט מער נישט צוריקגעקומען.

און אזוי איז דאס יידישע שטעטל בריגל – צו דערפרייד פון די ארטיקע פאליאקן – געווארן „יודען־ריין״.

השם ינקום דמם של קדושי קהילת בריגל. **יהי זכ״ם לנצח נצחים, א מ ן !**

ראשי פרקים פון בונים פלנצר
געשריבן פון חיים בריגלער

**מאת גד בוכמן**

## זכרונות מן העיירה

הנני מרגיש חובה מוסרית להעלות בכתב כל מה שספגתי ברמ״ח אברי ובשס״ה גידי, הרשמים מימי נעורי בעיירה בריגל: וכך ספרו לנו הגדולים, כי תשעים אחוז מהעיירה נשרף בשריפה הגדולה שפקדה אותם בשנת 1904 . אז היא היתה כולה בנויה בתי־עץ, כעבור מספר שנים אחרי השריפה היו אלה היהודים שבנו אותה מחדש. והפעם היא נבנתה לפי תוכנית חדשה, דוגמת הערים המודרניות. מרכז העיירה שנקרא ביידיש ״המארק״ השוק, וממנו הסתעפו רחובות ישרים, בתים בנויים מלבנים בני קומותיים ושלוש, ובחזית הבתים חנויות נאות. העיירה ככל יתר העיירות, בדרך הראשית בין עיר המחוז קרקוב בצפון והעיר טרנזב בדרום. כל קיומה הכלכלי היה מבוסס על המסחר הזעיר, פעמיים בחדש התקיים בה יום השוק. רבים מהאכרים שבאזור העיירה. באו ומכרו את מרכולתם וקנו את מצרכיהם אצל הסוחרים היהודים. יש לציין כי בתור עיירה אזורית (״פוביאט״ בפולנית) היא היתה הגדולה בכל פולין. לאזור שלה השתייכו 126 עיירות יותר קטנות ממנה וכפרים. אזכיר את החשובות שבהן, וזה לפי גודל מספר היהודים שבהן: והן: דומברווא, שצוראבא, צחוף, וזקלר־צשין: שבהן חיו עשרות רבות של משפחות יהודים, וכן היו הרבה משפחות יהודיות מפוזרות בכפרים שבאזור. אלה היו חקלאים, שעבדו שדות וגידלו בהמות. ויש להדגיש כי מצבם הכלכלי היה שפיר לאין שעור בהשואה לרבים מאד מבני העיירה בריגל.

## הפוגרום בעיירה

צעיר הייתי והתנסיתי בנסיון חיים מר מאד. והוא ״פוגרום״ בעיירה. היה זה בשנת 1918 , כשמלחמת העולם הראשונה תמה: ופולין השתחררה מעול הכבוש האוסטרי. כי ״גליציה״ היתה שייכת לאוסטריה.

הפולנים רצו לציין את שחרורם מעול השעבוד, ולא מצאו שום ביטוי הולם יותר ליום תקומתם, מאשר לערוך פוגרום על יהודי העיירה.

וכל זה בהסכמתם של ראש העיר וכומר הכנסיה הקטולית. בחינגא הזאת נרצחו בדם קר ארבעה יהודים, כן נפצעו והוכו רבים, כל החנויות היהודיות נבזזו וכך נת־רוששו .

## עיירה שמרנית

למרות העובדה שהעיירה היתה שוכנת בקרבת ערים כמו טרנב וקרקוב, שבהם החיים היהודים נמצאו באותה תקופה בתסיסה מתמדת, בזרם אשר שטף את היהדות, כולה, והרחוב היהודי על מוסכמותיו ונוהגיו זועזע קשות, וזה בא לבטוי ע"י הזרמים החדשים שקמו ביהדות ע"י אנשי ההשכלה. והתנועות הציונית וכן הסוציאליסטיות למיניהן נשארה בריגל תקועה בשמרנותה, כאילו כל מה שמתחדש סביבה אין נוגע לה. היא אינה זקוקה לשנויים או להתחדשות, פרנסיה וה"בעלי־בתים" החשובים" או כפי שנקראו ביידיש "די שיינע יידען". מיטיבים לדעת, איך, ובאיזה מזון רוחני וחברתי יש להזין את האוכלוסיה היהודית ואת צורכי הקהילה. בדיעבד, החבורה השלטת לא ראתה כל צורך בשנוי כל שהוא, להיפך המצב הקיים היה תואם את רצונם ותאבונם לשליטה על הקיים.

ומאידך, "העמך", בעלי המלאכה, אנשי עבודה או סתם יהודים טובים מכל ימות השנה, אלה, לא השתייכו לחסידים וגם למדנים גדולים לא היו, וממילא כל חייהם לא הסתובבו סביב ציר החיים העיירתי והוא: "בית מדרש". לאלה לא היה הכוח הנפשי והעוז לקום, לנסות ולעשות משהוא חדש, הללו נגררו אחרי הדוברים השולטים בהם. כך זה נמשך עשרות בשנים, למרות החיים העצובים מבחינה תרבותית וחברתית של החלק הגדול באוכלוסיה היהודית בעיירה. לא נפרצה שום פירצה בחומרת ההתאבנות העיירתית ואפילו ההתכתשויות בין חבורות השולטים אחת בשניה, לא עוררה שום חלק מן הרדומים בתרדמת קסם, שהשתיקה אישים מלהרגיש את המתרחש סביבם. יתר על כן, ההתכתשוית הפנימיות נהפכו לקנין הכלל ללא עוררין על הנוהגים והס־דרים של פני הקהילה.

## ארגון נוער

אולם קופסת השמורים, שבה היתה העיירה נתונה, התפקעה מעצמה מרוב יושן וחומר תסיסה שנוצר בתוכה, החל פורץ ואם זכרוני אינו בוגד בי, היה זה בשנת 1920, קמו כמה בחורים ובחורות, אשר טעמו מקצת ממנעמי החיים שהתרחשו ברחוב היהודי באותו זמן, בערים הגדולות, והודות לכך שהם בעצמם יצאו מן העיירה לערים אלה, ושם נגררו עם הזרם החדש, חלק מהן שחזר לעיירה התחיל בהתארגנות כפי שזה היה אז מקובל בהרבה עיירות. דבר ראשון, פתחו מועדון לנוער, וארגנו קבוצות קבוצות, לפי הגילים ניהלו שיחות. רעיוניות ידיעת קורות עם ישראל. וכן ידיעת ארץ־ישראל "פלסטינוגרפיה" כפי שקראו לזה בימים ההם. הנהיגו לימוד עברית, וכן הרגישו צורך בקריאת ספרות חדישה, לפי רוח הזמן. לשם כך, רכשו ספריה ביידיש, עברית ופולנית. הנוער הלך והתבגר. חלק ממנו התחיל לחפש תכלית לרעיונות והגיע למסקנה שיש צורך בהגשמה עצמית ולא בדבורים גרידא. כעבור זמן מה, הפכו את הארגון הזה ל"שומר־הצעיר", והוא עשה חיל בנוער העיירתי, ובהיותי בן למשפחה דתית מסורתית במלא מובן המלה, למרות שהורי לא נמנו בין החסידים, אבל בנוגע לדת ולמסורת הם היו שלמים ללא כל פקפוק באמונתם, וקיימו תר"ג מצוות כהלכתם. מובן מאליו שברוח זו חנכו את ילדיהם. כשמלאו לי שלוש שנים נשלחתי ל"חדר", כמו כל ילדי היהודים בעיירה. ללמוד אלף־בית, וכך המשכתי עד גיל בר־מצוה. וב"חדר" הזה הגיעו הלימודים לגמרא עם רש"י ו"תוספות". וזו היתה שנת המבחן שלי. להמשיך בבית־

המדרש, או להכנס בעול החיים. ובתור נער של בעל מלאכה, העבודה לא היתה זרה לי, כי בשעות הפנאי שלי, הייתי רגיל לעזור לאבי ז"ל. יוסעל סטאלער, כפי שנקרא בפי אנשי העיירה. ומכיוון שלא נמשכתי אחרי "בית-המדרש" עם האופק העיירתי הצר, וכפי שהזכרתי לעיל, באותם הימים. קמה תסיסה בתוך הנוער. היו אלה ימים שלאחרי המלחמה העולמית הראשונה ובמיוחד אחרי ה"פוגרום" אשר עבר על העיירה. ובה-שפעת שני הגורמים הללו, קם הנוער והתחיל לחפש תשובה לשאלת החיים ששררו בחיי היהודים בעיירה.

והתשובה לכך היתה, התארגנות הנוער. אינני יודע משום מה לא נספחתי ל"שומר-הצעיר", אך במרוצת הזמן קם עוד ארגון נוער בשם "אגודת הנוער העברי עקיבא" הארגון הזה היה צריך להיות של נוער "גימנזיסטים". אלא מה, מאחר וכאלה בעיירה היו בודדים, הארגון הזה קיבל לתוכו חלק גדול מן הנוער שמשום מה לא נכנס לשומר הצעיר. אליו גם אני נספחתי. אך כעבור שנתיים התחסל הארגון הזה ולפי הידוע כעבור שלוש שנים קמה תנועת "עקיבא" חדשה, והפעם לפי המתכונת של ארגון חלוצי מובהק ורבים ממנו נמצאים בארץ. בזכות אותו חנוך ציוני שקבלו ב"עקיבא".

## בבית ספר מקצועי בקרקוב

כפי שכבר הזכרתי לעיל. הרגיש הנוער שיש צורך בשינוי ערכין בחיי היהודים, ובראש וראשונה הוא חייב להיות החלוץ ההולך לפני המחנה והמגשים במעשים את השנוי. ולשם כך הלך לרכוש מקצוע ולהתרגל לעמל כפיים. על פי רוב, נסעו לפלוגות הכשרה חקלאית. אני פניתי לבית ספר תיכון מקצועי בקרקוב, את מקצוע הנגרות, רכשתי מילדותי בבית אבא ז"ל. אולם באותם הימים חלה התפתחות טכנולוגית עצומה, ואת זה אפשר היה לרכוש רק בבית-ספר. וכל מי שרצה לרכוש את הידע הטכנולוגי וידיעת העץ חייב היה ללמוד בבית-ספר כדי לקבל את תואר בעל-מקצוע. אני עשיתי את כל המאמצים כדי לעבור לקרקוב לבית הספר הזה. זה היה בית-ספר מחוזי גדול, כארבעים תלמידים היינו בכיתה, ורק שישה יהודים בתוכם. שלושה נשרו בתום השנה הראשונה ורק שלושה נשארנו לגמר ארבע שנים. כן אני מוצא לנחוץ לציין, דבר פיקנטי מאוד שקרה לנו, לנשארים: רוב רובם של התלמידים הפולנים היו אנטישמים, עד כדאי זלילה, וכשהתקרבו ימי גמר הלימודים התחילו להציק לנו ולהתנכל, בקריאות גנאי, ובגידופים עד שהגיעו למכות, בהיותם בטוחים בעצמם, כי אנו בסך הכל שלושה, והם כה רבים, אז לא יבולע להם. אלא מאי אנחנו ידענו להטיב את עמדותינו, היינו, עמדנו עם העורף לפינת הקירות, כך שהעורף שלנו יהיה מוגן, וכל אחד מהם שהתקרב אלינו נתקבל במכות נמרצות. חיש מהר התברר להם, שאמנם גם אנחנו מקבלים מכות, אך אנו מיטיבים להכות בהם. וכבר בדקות הראשונות היו בין השקצים הפולנים מוכים בצורה רצינית. אחדים מהם עם פנסים כחולים בעיניהם, ואחדים עד זוב דם מן האף, אחד מהם אבד שתי שניים. אז רצו והזעיקו את מנהל בית הספר. עם הופעתו של מנהל בית הספר באופק, פסקה הקטטה. הוא הזמין את כל התלמידים לכיתה ונזף בחריפות בתלמידים הפולנים. ובין היתר אמר להם. מי יאמין לכם שמספר כה מעט של תלמידים יהודים בכיתה, הם שהתקיפו אתכם. לכן אני מתבייש במעשיכם השפלים. ואני מזהיר אתכם. כל תלמיד פולני שיגרום לקטטה ירחק מיד מבית הספר.

באותם הימים, ניגש אלי המורה לשרטוט, שמוצאו היה מצ'כוסלובקיה ואמר לי; "דע לך, שאני המלצתי עליך כמועמד לקבל פרס ראשון לאות הצטיינות במקצוע השרטוט,

אבל, הוסיף, לדאבונו ולצערו לא אני הוא שאקבל את הפרס, היות והכמרים שמלמדים דת הנצרות, כמובן מתנגדים לכך שתלמיד יהודי יקבל את הפרס". הודיתי, והודעתי לו שהפרס הגדול ביותר בשבילי, הם דבריו הכנים, מלבד זה אינני זקוק לפרס.

הודיתי לו בעד המקצוע שרכשתי, ועוד הוספתי כי אחרי גמר בית הספר אני מתכונן לנסוע לפלסטינה. ועל כך הוא ענה לי: זו התשובה הנכונה ביותר שיכולה להיות, על כל מה שמתרחש בבית הספר, ובפולין בכלל.

עוד נזכר אני, בספרי הלימודים, בין היתר, למדנו לפי ספר "אזרחות פולנית", ובו היה כתוב: כי ממשלת פולין, עושה ותעשה את כל המאמצים, כדי להעביר את המסחר והתעשיה ומקצועות המלאכה לידיים, פולניות בכל פולין. כך למדנו אזרחות פולנית. עוד בשנות 28, 27, 26–1925 אין תימה שהאנטישמיות בפולין הגיעה לדרגת הכומר "צ'צ'ק" וה"פריסטרובה" ששמם יצא לשימצה עוד שנים רבות לפני מלחמת היטלר ימ"ש, בשל הפצתם את העלילות האנטישמיות הארסיות ביותר, מעל במת העתונות הפולנית, ואף מעל במת הפרלמנט הפולני. וכל זה בשם ההומניזם כביכול. ברור שאוירה אנטישמית קדחתנית כזאת התסיסה ודחפה את הנוער היהודי לקיטוב במחשבותיו. חלק חשוב נגרר אחרי רעיונות סוציאליסטיים־קומוניסטיים למיניהם. בחשבם כי בתיקון חיי החברה בעולם יבוא גם הפתרון לעם ישראל.

אך הרוב תמך בדרך הציונית, דהיינו, לבנות מחדש את מדינת ישראל לעם ישראל. מכל מקום, בעיירה שלנו, היתה נטיה אצל רוב הנוער הלא חסידי, לדרך הלאומית.

## אני עולה ארצה

בשנת 1928 גמרתי את בית הספר ובשנת 1929 עליתי ארצה. וזה דרך תנועת "עקיבא" אך אחטא אם לא אזכיר שלפני עלו מן ה"שומר הצעיר" ראובן ליזכטר ז"ל ויבדל לחיים ארוכים חיה שנידר. ועוד לפניהם עלו ארצה שתי משפחות קפיטליסטיות, שעברו מבריגל לגרמניה ואלה משפחות המר ז"ל שפתחו חנות סיטונאית גדולה לכלי מטבח ובהמשך הזמן את בית־החרושת הראשון לכלי מטבח בארץ, ואהרון קנר ז"ל, הזכור לנו מימי הפוגרום שפקד את בריגל, הוא היה אחד מאנשי "ההגנה העצמית" בעיירה. אחרי הפוגרום עזב את בריגל ועבר לוינה, וכעבור שנים אחדות עלה ארצה ובמרוצת הזמן הביא ארצה את המכונות הגדולות והחדישות ביותר באותם הימים, ויסד בקרבת ראשון־לציון, את בית־החרושת "תרזה" ובחלוף כמה שנים זה עבר לידי "סולל־בונה". חבל רק שרבים עייפו בדרך ההגשמה, הקשה, לאחר שחיכו שנים על גבי שנים לעליה ארצה, אך הממשלה האנגלית המנדטורית, זאת שלקחה על עצמה את האר פוטרופסות על בנית הבית הלאומי לעם ישראל. עשתה הכל כדי להצר ובכל מיני דרכים את תהליך בניית הבית הלאומי. ולא נתנה ליהודים לעלות ארצה. ואף־על־פי־כן, ולמרות הכל, עשרות הגיעו ארצה מן הארגונים שהיו בעיירה, וזכינו למדינת ישראל עצמאית, כה יתן אלהים ונזכה לגאולה שלימה, אמן!

## הרבי מוילופולי זצ"ל הי"ד

בשנת 1936 נסעתי לבקר את בני משפחתי שנשארו בעירה בריגל, ולדאבון ליבי את אימי ע"ה כבר לא מצאתי בחיים. ואבי ז"ל עם שישה ילדים. שלושה מהם טרם הגיעו

לגיל הבגרות. אותם מצאתי באותה דירה, אצל יעק'ל צימנט, בה גם אני נולדתי. לפי המצב אשר מצאתי את בני המשפחה, הצעתי להם שיעלו ארצה, ותשובת אבי היתה; כי על כך עליו להתייעץ את הרבי מוילופולי. בהתייעצות זו ביקש הרבי שאבוא אליו, הוא רוצה לשמוע מפי על המתרחש בארץ, ניגשתי אליו.

אחרי קבלת פנים ב"שלום עליכם רבני", פנה אלי ישירות ושאל; האם זה נכון כפי שמספרים, שבארץ ישראל אוכלים "טריפה" ומחללים את השבת "בפרהסיא". ועל כך עניתי לו בסימן שאלה. למה כבוד הרבי מדבר בהכללה כזאת? על ארץ הקדש, הן ידוע לרבי שישנם יהודים יראי שמים בירושלים ופתח־תקוה ובתל־אביב, צפת, טבריה ואף בחיפה. ישנם רבנים דיינים ושוחטים, ישנן ישיבות, לומדים ומלמדים ואף קיבוצים דתיים ובודאי שמע הרבי על יהודי תימן שהם חרדים למצוה קלה כחמורה. ולכן אין לדבר על כלל יהודי ארץ־ישראל שהם כופרים בכל הקדוש לעם ישראל.

הנכון שבארץ ישראל ישנו ציבור יהודי גדול שהוא חפשי, אבל הרי גם כאן, בעיירה בריגל, יש מחללי שבת, ואף המחלל את השבת בפרהסיא, הוא נבחר ברשימת הרב דמיתא ר' משה ליפשיץ ואנשיו והיה שנים רבות ראש־הקהילה. וכנראה שזה הרגיז אותו ואז הוא שיסע אותי כאילו עקצתי אותו כי זו היתה האמת, והרים את קולו; אבל בארץ־ישראל עובדים בשבת. נתתי לו להרגע... ופניתי אליו, כבוד הרבי לא באתי כדי לקנטר חס־וחלילה ואין לי רצון להרגיז את כבודו .. אולם דווקא בנקודה זו, שעובדים בשבת, יש לי מה להוסיף, ובכן ידוע לכבוד הרבי כי היהודים בארץ־ישראל עובדים בכל העבודות הקשות ביותר בחקלאות, בבנין, בחרושת. הן מטבע הדברים הוא שבני אדם העובדים בעבודות כל כך קשות ומפרכות את הגוף ירצו לפחות פעם בשבוע לנוח. הרי כאלה כבר מיום ראשון מצפים לבואו של יום השבת, שיוכלו לנוח ולצבור כח ולהמשיך בעבודתם. וכן עבר הרבי לשאלה הערבית, כבקי בעניינים, עניתי לו קצת ברגישות, מי כמו הרבי יודע את "פרשת המרגלים וכו' "... עשרה מהם אמרו הארץ אוכלת את יושביה, ורק שנים אמרו הארץ היא ארץ זבת חלב ודבש, ויכול נוכל להם. בתום דברי, פנה אלי באמרו, תצליח בחור בדרכך וכל טוב לך. ולאבי נתן את הסכמתו שיעלה ארצה ואחל לו אחולים חמים בארץ הקודש.

**עובד ונכתב**
**ע"י חיים בטלן**

## מתא יהושע שניר

## דער יורידיש אויסגעוויילטער בירגערמייסטער פון שטעטל

איך בין געבוירן און דערצויגן אין דעם שטעטל בריגל. דאס שטעטל איז געווארן איינגעקריצט אין מיין זכרון. איינע פון מיינע זכרונות איז פון דער צייט ווען איך בין נאך געווען א קליין יינגעלע פון 6 יאר איך באצייכן א יינגעלע. דערפאר, ווייל ביי אונדז אין בריגל האבן זיך די קינדער יארען געצויגען ביז דריי יאר אז א יינגל איז אלט געווארען דריי יאר, האט מען אים אפגעשוירען די האר פונעם קאפ און גלייך אים געשיקט אין ,,חדר", דארט האט מען אים באשאטן מיט ציקערלעך. איינבייגנדיק דאס קעפעלע אויף דעם גרויסען אלף־בית, און מיט דעם איז ער געווארן ,,א יינגעלע אין הדר" און אויס קינד.

## די שריפה אין שטעטל

ווי שוין אויבן דערמאנט, בין איך שוין געווען א יינגעלע פון 6 יאר איך האב דעמאלט געלערנט ביים מלמד ר' שמעון לייב ז"ל, זיצנדיק ביי דעם טיש מיט נאך פיל יינגלעך. און געלערנט חומש און אנגעהויבן רש"י. מי א מאל און גאר פלוצים, איז ארייגעפאלן מיין שוועסטער מלכה און שרייט אויס: ר' שמעון לייב! סיאיז אויסגעבראכן א שריפה אין שטעטל! און די מאמע פארלאנגט אז איך זאל שנעל אהיימקומען און ווען ער פרעגט זיך: ווי? ביי וועמען?... האבן מיר, יינגעלעך, אין איין אויגנבליק אויסגענוצט די געלעגנהייט און זיך שנעל באפרייט פון דער שפאנונג פונעם לערנען און ארויס פונעם חדר אין גאס אריין אויף דעם קליינעם מארק. הארט ביי דער „שציאנקע". פון דער ווייטנס האבן זיך געהערט געשרייען און יאמערדיקע געוויינען. אין דעם טאג איז געווען אן אויסערגעווייגלעך שטארקער ווינט, אזוי. אז דאס פייער האט זיך שנעל איבערגעטראגן פון הויז צו הויז. מענטשן האבן געכאפט פון זייערע שטיבער וואס זיי האבן נאר באוויזן צו כאפן און אנטלאפן צו דער אושוויצע. דאס פליסיקע טייכל אין שטעטל לעבן וואסער האבן זיך די מענטשן געפילט זיכערער און אזוי ווי דאס פייער האט זיך פארגרעסערט, האט מען אלארמירט די פייערלעשער פון באכניע, טארנאוו און קראקע. אבער ביז זיי זענען געקומען האט דאס גאנצע שטעטל געפלאקערט אין איין פייער. זיי האבן באר באוויזן צו פארלעשן די צוזאמענגעפאלענע הילצענע ווענט. וואס האבן געברענט. אזוי איז פארברענט געווארן 90% פונעם שטעטל. געבליבן איז שלום קאס הויז און די „שציאנקע". פון איין זייט שטעטל, און די קברעץ־גאס פון דער צווייטער זייט, און מנשה דיינס געסל אין דער דריטער זייט אויך דאס ביסל הייזלעך לעבן דער הילצענער בריק קיין אקאצים, אזוי. אז פון אלע פיר זייטן זענען געבליבן ווי צוויגלעך זייטיקע פונעם פארברענטן בוים „דאס שטעטל". און ווען עס האבן נאך די געהילצער געברענט. האבן פיל משפחות פון די וואס זייערע הייזער זענען פארברענט געווארן אנגעהויבן ארויספארן פונעם שטעטל, ווער צו פריינט און ווער צו קרובים און משפחה אין די ארומיקע שטעט און שטעטלעך. פיל פון די ארויספארנדיקע דעמאלט זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען אין שטעטל, עס איז צו באצייכענען, אז די פיר עקן פונעם שטעטל וואס זענען נישט אפגעברענט געווארן אין דער שריפה, זענען געבליבן שטיין מיט הילצערנע הייזלעך ביז דער לעצטער וועלט־מלחמה. עס איז צו פארצייכענען, דאס די אלע וואס זענען דאמאלט ארויסגעפארן פון שטעטל, האבן באקומען באן־בילעטן בחינם.

## דער שריפה – קאמיטעט

דער הילפס־קאמיטעט, אדער אזוי ווי מען האט אים גערופן אין שטעטל דער „שריפה־קאמיטעט". האט זיך געשאפן דעם זעלבן אוונט פון די אפגעברענטע, וועלכע זענען געבליבן אין שטעטל אן א דאך איבער זייער קאפ, זענען לאקירט געווארן אין די געבליבענע נישט אפגעברענטע הייזער. ווען די נאכט־פינצטערניש האט איינגעהילט דאס שטעטל, האט זיך אראפגעלאזט א גאס־רעגן, ממש א וואלקן בראך די עלצטע אין שטעטל האבן געזאגט, אז זיי געדענקען נישט אין בריגל אזא פלייץ רעגען. אין משך פון דער נאכט האט אנגעגאסן דער רעגן אזויפיל וואסער,

אז אויף א סך נידעריקע פלעצער האבן זיך געשאפן גאנצע טייכן און די טייכן זענען געווען באדעקט מיט האלב־פארברענטע טירן, קלעצער, ברעטער. אין דאס גלייכען מיר יינגעלעך קליינע אוין גרעסערע האבן אויסגענוצט יעדן איבעררייס פון רעגן און אוועק צו די טייכן. דא האבן מיר יינגלעך גלייך אנגעהויבן שאפן פון די אלע זאכן אויפן וואסער, גאנצע „רפסודות״. „דוברות״. מיר האבן די קלעצער, דרענגער, ברעטער, געבונדן מיט דראטן, שטריק און טשוועקעס און אזוי האבן מיר זיך געשיפט אויף אונדזערע אייגענע טראטוועס אין די טייכן. וואס זענען אתדז געשענקט געווארן פון הימל אראפ. א! די שמחה ביי אונדז איז געווען זער א גרויסע און פיל פון אונדז האבן זיך געווונטשן יעדעס יאר א שריפה אין שטעטל מיט אזא שלאקס רעגן, מיט אזא מבול, ווי מען האט זיך דעמאלט אויסגעדרוקט. דאס האט זיך געשלעפט דריי טעג און דריי נעכט אויפען פערטן טאג איז געווארן א שיינער זומערדיקער זוניקער טאג. דאן זענען די מענטשן פון די אפגעברענטע הייזער ארויס און אנגעהויבן אפריייניקן און זוכן טיילן וואס קאנען ברענגען א נוצן די נישט געצלעך פארברענטע טיילן פון די הייזער, און געמאכט פון זיי קאמערן און ביידלעך. אין די טעג זענען געקומען די הילפס־קאמיטעטן פון די ארומיקע שטעט און שטעטלעך און געבראכט שפייז, כלים, קליידער און געלט פאר די געטראפענע פון דער שריפה.

אין פארלויף פון פיר וואכן איז דאס שטעטל באדעקט געווארן מיט קאמערן, ביידלעך און צעלטן־סוכות. אין די סוכות זענען אפילו איינגעארדנט געווארן געשעפטלעך דאן האבן די יידן אנגעהויבן צוריק אויפבויען דאס שטעטל, און דאס מאל נישט מער קיין הולצערנע הייזלעך, נאר געמויערטע פון ציגל. צווישטאקיקע מאדערנע הייזער, און דאס לויט א נייעם פלאן: גלייכע. ברייטע גאסן מיט טראטוארן. ווי אלע מאדערנע נייע שטעט.

אזוי איז דאס שטעטל פאר מיינע אויגן אפגעברענט געווארן און אזוי האבן די יידן דאס שטעטל פאר מיינע אויגן צוריק אויפגעבויט.

## דאס שטעטל

אמת, נאך דער שריפה האט דאס שטעטל באקומען א נייעם אויסזען. ליידער איז נישט מער געווען ווי א נייער אויסזען אבער דאס נאר אויסערלעך, ווייל דאס שטעטל איז געבליבן אין איר זעלטענער אייגנארטיקייט ווי פארגליווערט אין איר מיסטישן, חסידישן גלויבן און איינגעהילט אין איר ספעציפישן כאראקטער. טראץ דעם, וואס אין דער צייט האט געברויזט אין פול אנדערע שטעט און שטעטלעך. א יאגעניש נאך קולטור און וויסנשאפט און מען האט געשלונגען ביכער פון די יידישע און העברעישע קלאסיקער, איז אין בריגל אפילו נישט געווען קיין געדעכעניש פון עפעס אזעליכעס. עס איז קיינעם נישט געקומען אויפן געדאנק. אז מען דארף עס בכלל האבן. בריגל האט געהאט איר אויסגעטראטענעם וועג פון דורות לאנג צוריק. און אויב עס האט זיך פארלאנגט עפעס א נייעס. א געשמילץ אין דעם פארנעפלדיקן לעבן, איז דאס אויך געשאפן געווארן אין שטעטל מיט שווערער מי און מאטערניש, ווייל אינטריגאנטן האבן נישט געפעלט. אזוי האבן זיך געשאפן צדדים א טייל פאר דעם רב ר׳ טוביהלע און א טייל קעגן אים. און עס איז געווען וואס צו רעדן און איבער וואס צו שטרייטן אין דאס שטעטל האט זיך צעטיילט אויף צוויי טיילן: דעם צד פון רב האט מען גערופן „אחדות״ און די געגנער האט מען גערופן

„יאשקעס״. סיי ביי די אחדות און סיי ביי די „יאשקעס״. איז שוין געווען אזוי געוויינלעך אנגענומען, אז אויב די „אחדות״ זאגן טאג, דארפן די „יאשקעס״ זאגן נאכט. און דאס איז געווען דער פאליטי־שער, געזעלשאפטלעכער, קולטורעלער אינהאלט פון שטעטל. איך מוז אויך צוגעבן אז די שטרייטונגען האבן גורם געווען צו דעם, אז אלע צדדים האבן דאך געשאפן שיינע יידישע אינסטיטוציעס, וואס האבן באגלייט אונדזער לעבן ביז צו דער לעצטער מלחמה פון היטלערן ימ״ש. אין דער צייט האט ר׳ וואלף לאוב אויפגעבויט דעם „וואלף לאובס בית מדרש״ און אנדערע האבן אויפגעבויט דאס גרויסע „חסידים שטיבל״. א דריטער טייל האט אויפגעבויט דאס שטאטישע בית מדרש. באלד נאך דער שריפה איז אויפגעבויט געווארן דאס איינציקע באד מיט א מקווה אין שטעטל. און אזוי האט זיך דאס געצויגן יארן לאנג. אז עס האט זיך א ביסל איינגעשטעלט און דאס לעבן איז געווארן לאנגווייליק און אומעטיק, האט זיך ווי פון הימל אראפגעלאזט אן אנשיקעניש. און דאס מאל גאר א באווסטער. הייליקער מאן. דער אפטער רב, דער נאמען זיינער איז שטארק מפורסם געווארן מען האט זזעגן אים גערעדט מיט גרויס שעצונג. נאר זיין קומען קיין בריגל איז נישט געווען גינסטיק סיי פאר אים און סיי פאר דעם שטעטל. מיט דעם קומען פון אפטער רב איז אויסגעוואקסן, פון די אמאליקע „אחדות״ קעגנער פון אפטער רב. פרעגט זיך גארנישט װאס עס האט זיך אינעם שטעטל אפגעטאן. קעגנזייטיקע זידלערייען, פאשקווילן און קללות אזעלכע. וואס די תוכחה פארמאגט דאס גארנישט.

די ארומרייסענישן זענען געווען א טאג־טעגלעכע דערשיינונג. עס איז דער־גאנגען צו מיאוסע געשלעגן אוןביידע צדדים האבן פארלוירן זייער גלייכגעוויכט פון מענטשלעכן חוש. עס האבן זיך געפינען אזעלכע ביי די חברה פונעם רב ר׳ טוביהלע, וואס האבן געוואגט אויסצוטראכטן א בלבול אויף דעם אפטער רב, און אים געמסרט פאר דער פאליציי, די מסירה איז געווען באגלייט מיט א שיינער מתנה (״לאפּוּקע״). די פאליציי האט ארעסטירט דעם אפטער רב. די ידיעה פון זיין ארעס־טירונג האט זיך פארשפרייט ווי מיטן ווינט. ספאנטאניש האבן זיך צונויפגע־נומען ביי די 80% פון דער יידישער באפעלקערונג אין שטעטל און דעמאנסטרידנדיק פארא־טעסטירט קעגן ארעסטירן דעם אפטער רב. זיין ארעסט איז פארוואנדלט געווארן אין אן עפנטלעכן סקאנדאל. אויך די ־יידן פון די ארומיקע שטעט און שטעטלעך האבן שארף פראטעסטירט. עס האבן זיך ארייננגעמישט יידישע פארשטייער, און אויפן דריטן טאג איז ער באפרייט געווארן פון ארעסט. אין דעם זעלבן טאג האבן זיך צונויפגע־נומען אלע דאזארעס פון דער יידישער קהילה און פון מאגיסטראט און געקומען בעטן סליחה ומחילה און האבן אויסגעדריקט זייער אבסאלוטן נאמנות צו אים. אבער דער אפטער רב האט באשלאסן נישט צו בלייבן און אין א קורצער צייט ארום איז ער אוועק פונעם שטעטל. נאר דער פלעק איז געבליבן אין דער חסידישער היסטאריע און אויף דעם שטעטל.

## דער צענטער פון די שטעטל־דאזארעס

הגם עס האט זיך לאנגזאם איינגעשטילט דער סקאנדאל מיט דעם אפטער רב, אבער א תהום איז געבליבן צווישן ביידע צדדים אויף לאנגע יארן. און אזוי ווי די פארשטייערשאפט האט זיך קאנצענטרירט אין דעם ״חסידים שטיבל״ האט זיך ארום

זיי געשאפן א קליקע, וואס האט באהערשט די יידישע קהילה און דעם מאגי־סטראט אין שטעטל העכער 20 יאר. זיי האבן געוווסט ווי אזוי צו מאנעווורירן לגבי אלע גורמים וואס האבן זיך באוויזן אין שטעטל, אויסנוצנדיק אלע שוואכקייטן ביי יעדן איינעם באזונדער, אזוי האבן זיי באוויזן אריינצודרייען אין זייער קליקע דעם אדוואקאט דייכעס (אגב דער איינציקער אסימילאטאר אין שטעטל). דאס איז געווען נאך דעם (פאגראם) וואס די פאליאקן האבן פאגראמירט די יידן אין שטעטל. ערשט דאן האט זיך דערוועקט אן אומצוטרוי צו דעם לאנגיאריקן ראש הקהל חנוך קלאפהאלץ. וועלכער האט נישט ארויסגעמיטן דעם פאגראם מיט זיינע נישט געלונגענע אונט־ערהאנדלונגען מיט דעם בירגערמייסטער ד״ר בזשעסקי, וואס איז געווען אן ארויס־געשפראכענער, דעקלארירטער אנטיסעמיט און איינער פון די העצער צו דעם פאגראם, נאר דאן. ווען דאס שטעטל האט שוין געהאט באצאלט מיט 4 קרבנות, מיט פיל צעשלאגענע און מיט פיל צעראבירטע יידישע געשעפטן ערשט דעמאלט איז געווארן באזייטיקט חנוך קלאפהאלץ און אויף זיין ארט איז געקומען שמואל לעפעלהאלץ אלס ראש הקהל און ביי די ערשטע וואלן נאך דעם פאגראם איז געוויילט געווארן אדוו: דייכעס אלס ראש הקהל.

## די ערשטע דערשיינונג פון א יוגנט ארגאניזאציע אין בריגל

נאך דער אנטשטייאונג פון פוילן. ווען עטלעכע יונגלעלייט האבן זיך באפרייט פון מיליטער און איינצעלנע, וואס האבן געוויילט א געוויסע צייט אין די גרעסערע שטעט האבן טועם געווען פון דעם נייעם שטראם פון לייענען ביכער פון טעאטער פארשטעלונגען דאס גלייכן, דאן האט אקליינע גרופע יוגנטלעכע זיך דערלויבט צו שאפן א יוגנט־ארגאניזאציע מיט א ביכליאטעק זאמלען געלט פאר קרן קיימת און אויך ארגאניזירט א טעאטער־פארשטעלונג. אויף דער דערשיינונג אין שטעטל האבן אלע חסידישע ספערן אנגענומען אלע מיטלען קעגן אונדז, אבער עס איז זיי נישט געלונגען. מיר האבן זיך מיט זיי געראנגלט לאנגע יארן. אבער די העגעמאניע אין דער יידישער געמיינדע און אין מאגיסטראט איז געבליבן ביי זיי אין די הענט און דאס צוליב דעם. וואס די ציוניסטישע צענטראל־פירער האבן נישט געפונען דעם ריכטיקן וועג און שפראך, ווי אזוי צו ארגאניזירן דעם עמך־עולם, וועלכער איז געווען מער גענויגט צו אונדז ווי צו דער חסידישע חבריה.

ווען עס איז געקומען אין שטעטל אדוו. קריטענשטיין א כלל־ציוניסטישער טוער. האבן מיר מיט אים אנגעהויבן שפינען דעם געדאנק, אריינצודרינגען אין דער יידישער געמיינדע און אין מאגיסטראט. דער קעמפער פאר דעם געדאנק איז געווען מענדל זעלענגוט הי״ד. אבער אין דער צייט איז זיך צעוואקסן די ציוניסטישע ארגאני־זאציע אין שטעטל. בחורים פון ״חסידים שטיבל״ און מיידלעך פון חסידישע היימען זענען אריין אין דער יוגנט־ארגאניזאציע, וואס איז מיט דער צייט פארוואנדלט געוו־ארן אין דעם דעמאלטדיקן ״השומר הצעיר״. אויך די ״מכבי״ האט זיך אויסגעברייט־טערט. דאס האט ארויסגערופן ביי די חסידים א פאניק. עס איז געקומען צו שלעג־עריען און צו פארברענען ביכער אין דער ביבליאטעק. עס איז דערגאנגען ביז א ״משפט״. דאן איז געקומען צו א הסכם: ביידע צדדים האבן בטל געמאכט די משפטים אבער מיר אלע זענען געבליבן געשפאנט ארום די אינערלעכע ענינים, אזוי, אז מיר האבן נישט באוויזן זיך צו פארנעמען מיט דער לאקאל־פאליטיק אין שטעטל. אין דער

צייט איז דער ד״ר אדוו קריטענשטיין אוועק פון שטעטל און מיר זענען געווען אין טראנס פון אויפבויען אין שטעטל א „בית העם״ - „דאם לודאווי״. מיין פארש־לאג איז געווען. מיר זאלן מאכן א קייטן־זאמלונג א יעדער פון אונדז זאל געהערן צו א פינפטל און יעדער איינער פון אזא פינפטלינג זאל שאפן נאך איין פינפטלינג און דערביישטייער זאל הייסן א ״פלאסקע״ א טאג, דאס איז געווען א סיגארעט וואס האט געקאסט 8 גראשן, א האלבע זלאטע א וואך אין א קורצער צייט האבן מיר באוויזן צונויפצונעמען א שיין ביסל געלט. אלע אונדזערע אימפּרעזעס פון דעם דראמאטישן קרייז פון די טענץ־בעלע א.ד.ג. זענען געווארען הייליק פאר דעם צוועק די גאנצע יוגנט האט אנגעווענדעט אלע אירע כוחות מיר זאלן דערגרייכן דעם ״משכן קודש״ פארן שטעטל אונזערע אלע טאטן זענען געווען הייליק פאר דעם ״דאם לודאווי״.

מיר האבן געקויפט א פלאץ און אין משך פון דריי ביז פיר יאר האבן מיר אויפגע־עשטעלט דעם ״דאם לודאווי״. אין דער צייט איז געקומען אין שטעטל אריין פון ראדאמישלע ד״ר אדוואקאט הורוביץ, וואס - איז געווען א פאלקסטימלע־ כער ייד. ער האט נישט געשאפן קיין שום פארבינדונגען נישט מיט די ציוניסטן און אויך נישט מיט דעם רבס חברה. ער האט געעפנט אויף זיין אייגענער איני־ציאטיה א וואל־אקציע קעגן ד״ר דייכעס און דווקא זער א געלונגענע. אבער מיר האבן ניט ריכטיק אויסגענוצט די געלעגנהייט. נאר וואס יא. דער אדוואקאט הורביץ האט עמאסקירט דעם ד״ר דייכעס און נאך מער די קליקע פון דעם רב. דאן האט די קליקע געמאכט אן ענדערונג אין איר ליסטע אויף ד״ר דייכעס פלאץ איז געקומען ד״ר בלאך, א רעליגיעזער בונדאוויעץ. דער ״בונד״ איז געווען פאר פריוואטע רעליגיעזע טאלעראנץ, קומענדיק אין אזא שטעטל ווי בריגל האט ער דערשמעקט אז פאר אים איז אויסגעשפרייט א פעלד פון כלל טועריי. דאס איז געווען זיין חלום. ער האט אנגעהויבן זיך דרייען צווישן די קליקע־קרייזן און האט אנגעהויבן גיין טאג־טעגלעך דאווענען אין שטאטישן בית מדרש. דאס האט פארשטארקט זיינע אקציעס ביי דער חברתא און ער איז ביי זיי אויפגענומען געווארן מיט אפענע הענט. אזוי זענען פארביי נאך עטלעכע יאר ביז עס האבן זיך דערנענע־טערט די וואלן צום מאגיסטראט.

## מיר גייען צו די מאגיסטראט וואלן

ערשט אין 1931 אדער אין 32, ווען עס איז שוין אוועק א לאנגע צייט פון דער אינטענסיווער ארבעט ארום דעם ״בית עם״ - „דאם לודאווי״. זענען מיר געבליבן ווי ארבעטסלאז. איז געווען וואס עטלעכע פון די דעקלארירטע אקטיווע ציוניסטן אין שטעטל זענען געווארן בעלי בתים, און און דער עלטער פון 32 יאר. וואס האט זיי געגעבן די רעכט אויסגעוויילט צו ווערן אלס דאזאר אין מאגיסטראט און אויך אין דער יידישער קהילה. און אויך פיל אנדערע וואס האבן סימפאטיזירט מיט אונדז און האבן פארלאנגט, עס זאל זיין א פארשטייער פון דער ציוניסטישער ארגאניז־אציע. דאס און אויך די אולטימאטיווע שטעלונג פון מענדל זעלענגוט, אז מיר זאלן גיין מיט אונזער אייגענער ליסטע, האט געשאפן א קאמפאקטן דרוק אויף דעם לאקאל־קאמיטעט. דאן האבן מיר אנגענומען זער א געמיטלעכן באשלום. אז מיר פארלאנגען. אונדזערע מענטשן זאלן פיגורירן אויף דער אלגעמיינער ליסטע פון די יידן, צוזאמען מיט די מענטשן פון דעם רב. און דאס נאר דערפאר, ווייל אין בריגל

האט געהערשט א פרעצעדענס פון א סך צענדליקער יארן פריער אז עס זאל זיין נאר איין ליסטע סיי פון די פאליאקן סיי פון די יידן, אַויסגעהעלטגעווארן זענען דרייצן דאזארעס - זיבן פון די פאלאקן און זעקס פון די יידן. טראץ דעם, וואס יידן זענען געווען 80% פונעם שטעטל.

אזוי ווי די וואל־טעג האבן זיך דערנענטערט, איז אין שטעטל געווארן א ווארעמע וואל־אטמאספערע. דאן האבן זיך אנגעהויבן נישט־אפיציעלע געשפרעכן פון אונד־זערע מענטשן מיט דעם רבס חברה. איך מוז באצייכענען, אז עס זענען געווען צווישן זיי אזעלכע, וואס האבן געענטפערט פאזיטיוו אויף אונדזער פארלאנג און דאס האט דערפירט צו אן אפיציעלער אונטערהאנדלונגס זיצונג. אין דער זיצונג האבן זיך באטייליקט פון דער חברה דער מורא דאתרא ר׳ משה ליפשיץ, אדוואקאט בלאך און דוד לעפעלהאלץ; הי״ד פון דעם ציוניסטישן לאקאל־קאמיטעט: יהושע שנור, מענדל זעלענגוט און יעקב פאוסט. פון זייער קבלת פנים ווי זיי האבן אונץ איפגענר־מען האבן מיר באלד דערפילט, אז עס איז נישט דא מיט וועמען צו רעדן. אזוי ווי מיר האבן פארגעלייגט אונדזער פארשלאג אז אונדזערס א מענטש זאל פיגורירן אויף דער אלגעמיינער ליסטע, איז באלד געקומען אן אבסאלוט־נעגאטיווער ענטפער דאן האבן מיר אין לאקלא־קאמיטעט באשלאסן צו גיין מיט אן אייגענער ליסטע. אין שטעטל האט זיך דאן צעפלאקערט די וואל־קאמפאניע. האט דער סטאראסטע געמאכט ווי זיך אריינצומישן, ווייל די רעגירונגס־אנשטאלטן זענען נישט געווען פאראינטערעסירט, עס זאלן זיך אנהייבן וואלן פון עטלעכע ליסטעס. דאס האט אנגעהויבן צו זיין נישט גינסטיק פאר זיי. דאס האט געקאנט דעמאסקירן די גאנצע וואקכאנאליע, וואס האט זיך געפירט אלע יארן אין שטעטל, דער אדוואקאט ציגי, א ליבעראלער פאליאק, א יידן־פריינד וואס האט איינגעשטעלט זיין לעבן אין יאר 1918 בעתן פאגראם אין שטעטל, האט גערופן צו א פאלקס־פארזאמלונג אין שטעטל און געהאלטן א פייערדיקע רעדע קעגן דעם פאגראם און די קאוואלאווע האט אויף דער פארזאמ־לונג אויסגעשריגן: א שאנדע, א פלעק אויף אונדזער אנטשטייונג פון פוילן. אויף דעם האבן מיר געקעמפט אז פוילן זאל ווערן זעלבשטענדיק מיר זאלן איר קרוינען מיט פאגראמען? דער אדוואקאט ציגי האט זיך געבעטן ביי דער חברה פון דעם רב זיי זאלן אונדז אריינגעמען אין דער ליסטע. אבער די חברה האט פאר קיין שום פאל נישט געוואלט ענדערן זייער שטעלונג. זיי האבן איבערצייגט דעם סטאראסטע און דעם אדוואקאט ציגי און פארזיכערט, אז פון אונדזער ליבטע וועט גארנישט ווערן.

יורידיש בין איך אויסגעוויילט געווארן אלס בירגערמייסטער אין אזא פיינטלע־כער קליקע־אטמאספער זענען מיר אריין אין דער וואל־קאמפאניע. הייַנט קאן איך זאגן. אז די פיינטלעכע שטעלונג וואס די קליקע האט אנגענומען קעגן אונדז. איז געווען איינע פון די גינסטיקע גורמים פאר אונדזער ליסטע. אבער דעמאלט האט דאס געהאט א שווערע ווירקונג אויף אונדז, אזוי ווייט, אז עס האט זיך געשאפן ביי אונדז א גרויסע און זיכערקייט. מיר האבן געזוכט א וועג ווי אזוי מיט כבוד ארויסצוגיין פון אונדזער באשלוס. דערפאר האבן מיר אנגעגעבן אונדזער ליסטע נאר פון איין קאנדידאט און זיין פארטרעטער. איך בין געווען דער ראדניק און מענדל זעלענגוט דער פארטרעטער. און ווען מיר האבן אנגעהויבן אונדזער וואל־אגיטאציע האט זיך פאר אונדז אנטפלעקט אז אונדזער ליסטע האט ארויסג־ערופן א גרויסע סימפאטיע און שטיצע ביי פארשידענע קרייזן אין שטעטל. אין משך

פֿון עטלעכע טעג איז ביי אונדז שוין געווען זיכער, אז מיר שטייגן איבער די פֿיר הונדערט שטימען, וואס מיר דארפֿן האבן פֿאר אונדזער ליסטע. די שטימונג פֿאר אונדזער ליסטע איז געוואקסן פֿון טאג צו טאג. עס איז אבער שוין געווען צו שפּעט אריינצוגעבן א נייע ליסטע. דאן האט זיך צו אונדז געווענדעט ד"ר בזשעסקי און דער גלח. מיר זאלן שטיצן זייער קאנדידאטור און זייער ליסטע און זיי וועלן שטיצן אונדזער ליסטע. מיר האבן זיך באצויגן מיט אומצוטרוי צו די ביידע, ווייל מיר האבן זיי געדענקט נאך פֿון דעם פּאגראם אין בריגל. און וואס נאך? מיר האבן געוווסט, אז אין געהיימען אפּמאך האבן זיי געהאט שוין פֿון לאנגע, לאנגע יארן מיט דער קליקע און א דאנק זיי איז ד"ר בזשעסקי אויסגעוויילט געווארן אלס בירגערמייסטער אין שטעטל. א סך אין שטעטל האבן אים גערופֿן "דער פּאגראם-בירגערמייסטער".

אין טאג פֿון די וואלן האבן זיך צונויפֿגענומען עטלעכע צענדליקער וועלעפּאלער חסידים און האבן געבעטן א באגעגעניש מיט מיר וועגן די וואלן, איך בין געקומען צו זיי. זיי האבן פֿארלאנגט, איך זאל זיי צוזאגן, אז איך וועל זיין פֿאר זיי. מיין ענטפֿער איז געווען, אז מיר האבן אויפֿגעשטעלט אונדזער ליסטע נישט פֿאר אונדזערע און פֿאר אייערע יידן. מיר האבן דאס געטאן צוליב דעם, דאס מיר ווילן ברעכן איין מאל פֿאר אלעמאל דעם פּרינציפּ פֿון אונדזערע און אייערע יידן, וואס האט אייך נגעפֿירט די קליקע מיטן רב צוזאמען. וואס האבן אויסגענוצט זייער פּאזיציע פֿאר זייערע אייגענע אינטערעסן און פֿאר די אינטערעסן פֿון זייערע נאענטע. און אויב איך וועל אויסגעוועלט ווערן. וועל איך זיין א שליח ציבור פֿאר אלע יידן אין שטעטל אן אונטערשייד צו וואס פֿאר א גרופּע, עמץ געהער. זייער ענטפֿער איז געווען, אז 150 שטימען פֿון זיי גייען שטימען פֿאר אונדזער ליסטע. צען אזייגער ביינאכט זענען די וואל-אורנעס געשלאסן געווארן און אין די ערשטע ציילונגען פֿון עטלעכע הונדערט שטימען איז אונדזער ליסטע געשטאנען אויפֿן ערשטן פּלאץ. און ווען די ציילונג איז געקומען צו די ערשטע טויזנט שטימען האבן מיר שוין געהאט דאפּלט שטימען וואס מיר האבן געדארפֿט פֿאר אונדזער קאנדידאט.

## לעצטער אויסצוג פֿון די וואלן

צום סוף האט זיך ארויסגעוויזן אז אונדזער ליסטע האט אנגעצייגן די גרעסטע צאל שטימען: 2970 שטימען. אזא צאל שטימען האט נאך קיין שום קאנדידאט אין שטעטל נישט אנגעצייגן און לויט דעם לאקאלן אפּמאך, איז דער, וואס באקומט די גרעסטע צאל שטימען, דער איז דער בירגערמייסטער. און אזוי בין איך אויסגעוויילט געווארן אלס בירגערמייסטער פֿון שטעטל, נאר צוליב דער לאקאל-פּאליטיק פֿון דער קליקע וואס האט איינגעפֿירט, אז נאר א פּאליאק וועט זיין דער בירגערמייסטער און מיר האבן נישט געוואלט איינרייסן מיט די מאכט-ארגאנען אין שטעטל, האבן מיר מוותר געווען אויף דעם אמט דאן איז געווארן סוייא דער בירגערמייסטער. ער האט באקומען דעם צווייטן פּלאץ (העכער 2,200 שטימען). פֿון דעם רבס קליקע האט נאר איינער אנגעצייגן 400 שטימען. און דער גרויסער. אדוואקאט בלאך האט געקריגן די גרעסטע מפּלה - ער האט באקומען נאר 270 שטימען. בכדי אויסצומיידן נייע וואלן האבן מיר מסכים געווען אויף דעם פֿארלאנג פֿון די גוישע קאנדידאטן עס זאלן אריין פֿון דער קליקע זייערע 5 קאנדידאטן. טראץ דעם, וואס זיי זענען

נישט אויסגעוויילט געווארן. און מיר האבן זיי געגעבן "לחם חסד" דאס מאל! נאך די וואלן זענען זיי ארומגעגאנגען מי די קעם אראפ ווי אנגעשמיסענע. זיי האבן דערפילט אז זיי זענען שוין נישט מער די דעה־זאגער אין שטעטל.

באלד נאך די וואלן בין איך איינגעלאדן געווארן צו דעם סטאראסטע, וועלכער האט אונדז שיין געדאנקט פאר אונדזער וואל טעטיקער האנדלונג ביי די וואלן, און מיר האבן ארומגערעדט די ווייטערדיקע טעטיקייט פון דעם מאגיסטראט. איך האב פארלאנגט אז איין פארשטייער פון די יידן זאל אריין אין דעם פארוויאטאווידאט. דאס איז געווען א רעגירונגס אנשטאלט וועלכער איז געווען דער הערשנדער פאקטאר איבער דעם שטעטל מיט אירע גאנץ קליינע שטעטלעך און דערפער ארום ער האט פאזיטיוו געענטפערט אויף מיין פארלאנג, און דווקא אונטערגעשטראכן טראץ דעם דרוק פון דער קאנקורענץ, אז עס איז שיין פון אונדזער זייט ואס מיר אינטערעסירן זיך מיט דעם גאנצן פאוויאט. עס איז צו באצייכענען, אז בריגל איז געווען דער גרעסט־ער פאוויאט אין פוילן. זי האט געהאט 126 שטעטלעך און דערפער. איך געפין פאר־ניטיג צו דערמאנען דעם הער שטיינהאף ז"ל מיט זיין דרוקעריי - ער האט אונדז פיל, פיל געהאלפן ביי די וואלן.

## אונדזער טעטיקייט אין מאגיסטראט

דער גרויסער נצחון אונדזערער האט אונדז נישט איבערגעפירט. איך האב אפילו נישט גענומען דעם וויצע־בירגערמייסטער־אמט. נאר די סאציאלע אפטיילונג. מיט דער האנדלונג האבן מיר בעוויזען דעם פולן צוטרוי סיי ביי די יידן און סיי ביי די גויים. די אלגעמיינע באפעלקערונג האט זיך איבערצייגט אז מיר ווילן באמת וואס טאן פאר איר טובה, און איך האב טאקע איינגעפירט א רעארגאניזאציע אין דער סאציאלער אפטיילונג. איך האב איינגעפירט. אז די באפעלקערונג זאל נישט קומען אין מאגסטראט נעמען אירע צוטיילונג און שלעפן די זעק קוילן. קארטאפל און אנדערע פראוויאנט־מיטלען. זיי האבן דאס געשלעפט ווייל זיי האבן נישט געהאט צו באצאלן פאר טרעגער", דאס האב איך איינגעפירט אז דער מאגיסטראט זאל אליין צעפירן מיט אירע פערד און וואגן וואס זענען געווען ביי די פייער־לעשער. אויך ביי זיי האב איך איינגעפירט ענדערונגען צום גינסטן פאר דער באפעלקערונג. עס איז צו באמערקן אז אין בריגל איז געווען העכער 25% פון דער יידישער באפעל־קערונג. וואס האט זיך גענויטיקט אין דער סאציאלער הילף. אין א קורצער צייט האט זיך געשאפן דער נומען און דער אדרעס פאר אלע סיי יידן סיי גויים. ווער עס האט געהאט א ביטע, א פארלאנג. האט זיך געווענדיט צו יהושע שנור. איך געדענק נישט קיין איין פאל איך זאל נישט האבן באפרידיקט עמעצנס ביטע.

אויף דער ערשטער זיצונג אין מאגיסטראט האב איך פארגעלייגט, אז יעדע פרא־פאזיציע וואס ווערט אריינגעטראגן זאל ווערן איבערגעגעבן יעדן ראדניק א 4 טעג פאר דער זיצונג אזוי, אז יעדער איינער פון אונדז וועט קאנען דענקען און שאפן זיין מיינונג און זיין שטעלונג צו יעדער פראגע און נישט מיר זאלן זיצן אויף דער זיצונג און זיך קאכן ארום יעדער פראגע. מיין פראפאזיציע איז אנגענומען געווארן נאר אדאנק דער שטעלונג פון די גויישע ראדניקעס. א לאנג־צייטיקן קאמף האב איך אנגעפירט קעגן א פראפאזיציע וואס איז נאך אין דער פאריקער מאגיסטראט־קאד־ענץ אריינגעטראגן געווארן, עס זאל ווערן פארבאטן אין די ירידים טעג אין שטעטל

אז פאר די אויפקויפער פון פארשידענע שפייז־מיטלען זאל זיין פארבאטן צו קויפן ביז 9 אזייגער אין דער פרי. און די פראפאזיציע איז געווען לטובת דער ציווילער באפעלקערונג זי זאל נישט דארפן שטיין אונטערן דרוק פון דער קאנקורענץ פון די קליינע סוחרימלעך, די אויפקויפער. ווען די פראפאזיציע וואלט אנגענומען געווארן דאן וואלט זי געדינט אלס פרעצעדענס און עס האט געקאנט ברענגען צו דעם. אז קרעמער מיט די טישלעך אויפן מארק וואלטן פארלוירן די רעכט צו פארקויפן פאר 9 אזייגער אין דער פרי. כדי אפצוווארפן די פראפאזיציע, האבן מיר געמוזט קומען מיט גאר א זעלטענער ספעקטאקלדיקער זייטיקער באגרינדונג און מיר האבן באזירט אונדזער טענה, אז די א פראפאזיציע וועט טרעפן און באוולען דווקא דאס פויערנ־טום. די פויערים קומען צו גיין אין גרעסטן טייל צופוס. אין שטעטל. וואס פריער פארטאג, ער זאל קאנען וואס שנעלער אהיימגיין צוריק צו דער ארבעט. און מיר ווילן זיי אזוי שווער באגרענעצן. די דעבאטע וועגן דער פראגע האט זיך פארצויגן אויף א סך זיצונגען. מיר האבן באקומען א שטיצע פאר אונדזער שטעלונג אין דעם "פאוור־אטאווו־ראט". ווערלכער איז געווען דער פארשטייער און פארטיידיקער פון די פוי־ערים אין דער אומגעגנגבט און מיט זיין הילף איז אונדז געלונגען נאך לאנגע ראנ־גלעגישן צו אנולירן די פראפאזיציע.

## די עלעקטרישע פראגע

פיל פון דער באפעלקערונג, וואס האבן זיך באנוצט מיט עלעקטרישער ליכט. זענען געווען צוריקגעשטאנען מיט זייערע צאלונגען פאר דער עלעקטרישער ליכט אזוי ווי דער מאגיסטראט האט זיך געפונען אין א גרויסן דעפיציט אין דער עלעקטרע רובריק, זי איז שולדיק געווען די אקאצימער עלעקטרא־סטאציע פיל געלט, האט דער מאגיסטראט געוואלט אננעמען דראסטישע שריט קעגן די נישט־צאלער מיט איבערייסען דעם עלעקטרישן שטראם, און איינמונען דורכן געריכט די חובות. וואס זיי זענען שולדיק געבליבן. איך האב אריינגעלייגט פיל מי און אנשטרענגונגען מיר זאלן אזא באשלוס נישט אננעמען מיין פארשלאג איז געווען, מיר זאלן צעטיילן די אלע חובות אויף 12 מאנאטן און אזוי וועלן מיר דערמעגלעכן דער באפעל קערונג ווייטער צו געניסן פון עלעקטרישער ליכט און אפצאלן די חובות. דער מאגיסטראט וועט פון דעם פראפיטירן דאפלט: ערשטנס, אונדזער האנדלונג לגבי דער שטאטישער באפעלקערונג און צווייטנס, מיר וועלן איינקאסירן דאפלט געלט און דאס וועט דערמעגלעכן דעם מאגיסטראט צו פארקלענערן זיין דעפיציט, און מיט דער צייט ליקווידירן דעם גאנצען חוב. מיין פארשלאג איז לבסוף אנגענומען געווארן איינש־טימיק. און ווי א פייל פון בויגן האט זיך צעטרגן איבערן שטעטל. אז מיין פארשלאג איז אנגענומען געווארן. דאן האט זיך געשאפן אין שטעטל א יום־טובדיקע שטימונג ווי האט זיך דאס געזאגט: וליהודים היתה אורה ושמחה". א! פיל פיל זענען געווען קארדינאלע פראגן וואס מיר האבן געלעזט און זענען געווען גינסטיק פאר דער אלגעמיינער באפעלקערונג און אויך פאר דעם מאגיסטראט. נאר דער זכרון איז געווארן איינגעשרומפן דאס אלץ צו געדענקן.

נאך איין זאך מוז איך דאך דערמאנען. ביי די צווייטע וואלן זענען מיר געווען די. וואס האבן דיקטירט די ליסטע פון די יידן אין מאגיסטראט. פון אונדז איז געווען



ועד קופת ״גמילות חסדים״ בבריגל

די פערוואלטונג פון ״גמילות חסדים״ קאסע אין בריגל

עומדים מימין יצחק הניג, יוסף שינדלר, יעקב ברננדשטטר, בני בורגניכט,

יהושע סנדיצר, יהושע שנ‍ִר, וואקשאל

יושבים מימין יעקב פאוסט המורה פירסט אד׳דייכס ד״ר שטיף יחיאל פעפער



הועד המפקח על גן הילדים ״פרבלובקה״ עם חלק מילדי הגן

די פערוואלטונג מיט א טייל פון די קינדער אין דער ״פרעבלובקע״

דאס מאל האב איך זיך געמוזט באהאלטן מען זאל מיך לגמרי נישט זען, ווייל יעדער צוריקקומענדיקער אין שטעטל איז געווען באדראט מיט ארעסט און אויך צו פארלירן דאס לעבן. שוין דעמאלט האט געהערשט א מארד־אטמאספערע אין דער גאס. דאס מאל בין איך אנטלאפן פון בריגל מיט דעם געפיל, אז דער באזוך אין דער היים איז דער לעצטער אונטער דער דייטשער אקופאציע, ווייל אין דער צייט זענען די גרענעצן צווישן רוסלאנד און דייטשלאנד וואס א מאל שטארקער באוואכט געווארן און דאס האט גורם געווען, אז דער שטראם פון די אנטלאפענע פון דער דייטשער אקופאציע האט זיך איבערגעווארפן קיין סאנאק, ווייל דא איז פארגעקומען אן אויסטויש פון דער באפעלקערונג: די דייטשן האבן געגעבן יידן פאר די „פאלקסדויטשן" וואס האבן זיך געפונען אין רוסלאנד פאר דער ערשטער וועלט־קריג. אבער איך בין נישט געגאנגען ווי אלע אנדערע מיט א דערלויבעניש פון די דייטשן צו ווערן אויסגעטוישט פאר א פאלקסדייטש, נאר איך בין געגאנגען מיין וועג, ווי אלע מאל. איך האב געשמוגלט די גרענעץ. איך בין אנגעקומען קיין שעניאווע און דא בין איך באלד ארעסטירט געווארן, מיט נאך פיל אנדערע. דאן האט מען אונדז איבערגעפירט קיין פשעמישל אויף א פארהער. די הויפט־פראגע איז געווען פאר וואס מיר אנטלויפן פון דער דייטשער אקופאציע. די ענטפערס זענען געווען פארשידענע. כמעט אלע האבן געענטפערט אז זיי זוכן משפחות און איך האב געטענהט, אז מיין כלה איז געבליבן אין לעמבערג און איך האב איר זער ליב, חיל איך צו איר קומען. צו מיין גליק האבן די דייטשן מיין טענה אנגענומען. צום סוף האט זיך ארויסגעוויזן, אז זיי האבן מיך גלייך אוועקגעשטעלט ביי דער גרופע וועלכע מען האט דעם זעלבן טאג אויסגעטוישט פאר פאלקס־דייטשן און דאס א דאנק מיין כלה אין לעמבערג, וואס מען האט איר ערשט געדארפט אויסטראכטן.

## דער פאלקס־דויטש.

איינעם פון אונדזער גרופע איז איינגעפאלן צו טענהן, אז ער איז א פאלקס־דייטש. נו פרעגט שוין גארנישט, וואס פארא שודער עס איז אדורך דורך אונדזער אלעמענס קערפער. נאר דאס מאל האט אונדז אפגעגליקט. דער פאלקס־דויטש האט געכאפט אויפן פלאץ 25 שמיץ מיט א קאנטשיק און דאס פון אונדז אלע. די איינציקע טובה איז געווען פאר אים, וואס מיר האבן געהויבן הויך דעם קאנטשיק און אראפגעלאזט נישט האסטיק אזוי, אז ער האט באוויזן נאך די 25 שמיץ צוצוגיין צו דער גרופע וואס איז געבליבן צו א צווייטן־פארהער. דאן האט ער איבערגעגעבן אז ער איז אברהם חיים פון באכניע.

## לעמבערג – ארכאנגעלסק.

פון לעמבערג האב איך געמאכט א „שפאציר" ביז ווינניצע. אין די טעג איז אויס־געבראכן די מלחמה, אדער בעסער געזאגט, דער איבערפאל פון די דייטשן אויף רוסלאנד. אין דער צייט איז שוין נישט געווען וואס צו קלערן פון זען די היים און קיין אויסוועג איז נישט געווען. האב איך זיך רעגיסטרירט צו פארן אויף ארבעט אבער די טאג־טעגלעכע איבערקערנדיגע נייע געשעענישן האבן יעדן בעזונדער און אלעמען אוועגגעשטעלט פאר א פאקט אז פיל צענדליקער טויזנטער מענטשן ווערן אוועק

געשיקט אלץ טיפער און ווייטער קיין רוסלאַנד. און אַזוי איז מען געפאָרן – פול געפּאַקטע צוגן מיט מענטשן. יידן און נישט יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דער דייטשער אָקופּאַציע. און אַזוי זענען מיר געפאָרן טעג און נעכט, גאַנצע וואָכן אין אַן אונטערטרעגלעכער ענגשאַפט, אָבער אַ דאַנק דעם איז אונדז נישט געווען קאַלט. און אַזוי זענען מיר געפאָרן טעג און נעכט. דאָ האָט מיך דער נסיון אויסגעלערנט, אַז דער הימל שליסט נישט דעם ערדקויגל דאָרט אונטערן באַרג. וואָס הייסט? מען פאָרט און מען פאָרט און דער הימל איז אַלץ אין דער הייך, אָן אַ סוף. נאָר עס האָט אונדז באַגלייט אַ שווערער פּלאָג פון הימל: די דריטע מכה פון מצרים. די לייז האָבן אונדז באַשאָטן פון קאָפּ ביז פיס. דאָ האָב איך ערשט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין וואָס אַזינס און ווי גרויס עס איז געווען דער פּלאָג פון לייז אין מצרים. איך האָב נאָר נישט פאַרשטאַנען, און ביז היינט פאַרשטיי איך נישט, מיט וואָס פאַר אַ וועג זענען די לייז פון מצרים געקומען ביז אויפן וועג קיין אַרכאַנגעלסק. און דאָס אין אַזאַ קוואַנטום, וואָס דעם לאַקאָמאָטיוו איז געווען שווערער צו שלעפּן די לייז, ווי די מענטשן.

סוף־סוף זענען מיר אָנגעקומען קיין אַרכאַנגעלסק. דאָ האָבן זיך אַלע אָפּגעשוירן, דאַן אַריין אין אַ באָד און זיך אָפּגעוואַשן. און די קליידער האָט מען אַריינגעלייגט אין אַזאַ הייסע בראַטרער ווו די לייז זענען אויסגעראָטן געוואָרן און אויף אַ געוויסע צייט האָבן מיר געהאַט מנוחה פון זיי.

צומאָרגנס האָט מען אונדז פאַרשריבן און געשיקט אויף פאַרשידענע פּלעצער צו דער אַרבעט. איך האָב זיך פאַרשריבן צו פאָרן קיין נאָוואַיאַ־זעמליאַ. מיין געדאַנק האָט מיך דאָרט אַהין געטריבן מיט דער אויסרעכענונג אַז דאָרט, אויף דעם אינדזל, וועט מען קאָנען דורכקומען די שווערע צייט אַפילו בלויז מיט פיש כאַפּן פון דעם ים. מיך מיט מיין גרופּע האָט מען טאַקע איבערגעפירט מיט אַ שיף קיין נאָוואַיאַ זעמליאַ.

דאָ האָט מען צוגעטיילט צו אַרבעטן ביים צונויפשאַרן בלאַטעס, פון וועלכע די רוסען האָבן אַרויסבאַקומען גאָלד. דאָ האָב איך דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געזען ווי מען מאַכט פון בלאָטע גאָלד. ביי אונדז אין בריגל האָט מען אויף אַ מענטשן, וואָס זיינע געשעפטלעך זענען געגאַנגען, געזאָגט אַז ער מאַכט פון בלאָטע גאָלד.

דאָס איז דאָך נאָר געזאָגט אָבער מיטן שכל נישט צו באַגרייפן. און נאָך אַ זאַך איז פאַר מיר אַ רעטעניש: ביי אונדז אין בריגל איז געווען אַזויפיל בלאָטעס, – מיר בריגלער האָבן דאָס געפילט אויף אונדזערע שיך און שטיוול – און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, צו מאַכן פון די בלאָטעס גאָלד. נאָר ווייזט אויס, אַז ביי אונדז איז געווען נאָר בלאָטעס און אין „נאָוואַיאַ זעמליאַ" דאָס גאָלד.

איך ווער מאָביליזירט אין דער אַנדערס אַרמיי. ענדע יאָר 1942 איז געקומען צו אַ הסכם צווישן שיקאָרסקיס גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן מיט סטאַלינען. ער האָט זיך טאַקע אָנגערופן „שיקאָרסקי – סטאַלין אָפּמאַך". לויט דעם הסכם האָט רוסלאַנד באַפרייט אַלע פּוילישע בירגער פון די לאַגערן, וואָס האָבן זיך געוואָלט צושטעלן צו דער פּוילישער אַרמיי, וועלכע האָט זיך דעמאָלט אָרגאַניזירט, און מיט דער צייט באַוווּסט געוואָרן מיט דעם נאָמען „אַנדערס־אַרמיי".

מען האָט אונדז איבערגעפירט פון „נאָוואַיאַ זעמליאַ" קיין סאַמאַרקאַנד. דאָרט איז געווען דער קאָנצענטראַציאָנס־פּונקט פון די פּוילישע פּליטים. קומענדיק קיין סאַמאַרקאַנד בין איך גלייך אַוועק אין מאָביליזאַציע־ביוראָ ווו מען האָט מיך באַלד אויפן אָרט מאָביליזירט.

## נומערוס קלאוזוס

מאביליזירט האט מען מיך טאקע, נאר אין דער ארמיי אריין נישט גענומען. אויך אין דעם צעשמעטערנדיקן צושטאנד פון פוילן האבן זיי נישט פארגעסן זייערע אנטיסעמיטישע שטיק. ווי זאגט מען דאס: „די רשעים, אפילו ביי דעם טויער פון גיהנום, ווילן נישט טאן קיין תשובה". אין דער זעלבער צייט האט מען די פאלאקען גלייך אריינגענומען אין דער ארמיי. דאן האט זיך ארויסגעוויזן, אז גאר א גרויסע צאל פון די יידן וואס האבן זיך געמאלדן צו דער ארמיי זיי האט מען נישט אריינגענומען און דאס נאר דערפאר, ווייל זיי זענען יידן. פאר יידן איז באשטימט געווארן א געוויסע „קוואטע" יידן אריינצונעמען אין דער ארמיי. די אלע איבערגעבליבענע יידן אין סאמארקאנד האבן זיך פריי באוויגן אלס פוילישע בירגער. פיל פון זיי זענען זיך צעפארן אין פארשידענע שטעטלעך אין סאמארקאנדער געביט. איך בין אויך געפארן אין א קליין שטעטל און געהאנדלט מיט אלעם מיט וואס עס האט זיך געלאזט קויפן און פארקויפן דארט בין איך געבליבן ביז צום סוף פון קריג.

## אין באפרייטן פוילן

מיט דער באפרייונג פון פוילן האט זיך אנגעהויבן די רעפאטריאציע פון פוילישע בירגער. מיט איינעם פון די טראנספארטן בין איך געקומען קיין פוילן. די טראנס־פארטן זענען געגאנגען דירעקט קיין נידער־שלעזיע – אויף קיין אנדער פלאץ איז נישט געווען דערלויבט אראפצוגיין. אין דער צייט האבן די פאליאקן געהאט זייער אינטערעס צו באזעצן נידער־שלעזיע מיט פוילישע בירגער, ווייל דער גרעסטער טייל פון די דייטשן זענען אנטלאפן קיין דייטשלאנד. אזוי זענען אויסגענוצט געווארן די צוריקגעקומענע יידן פון רוסלאנד. מיט דער צייט האט מען אנגעהויבן פריי זיך צו באוועגן. איך האב אויסגענוצט די געלעגנהייט און געפארן באזוכן בריגל. זעענדיק בריגל אן אירע יידן האט מיך אין גאנצן דערשיטערט. איך ווייס נישט צי עס איז בכלל פאראן אין מענטש אזויפיל טרערן וואס איך האב דעמאלט פארגאסן. נו, יאָ! מיט טרערן האב איך פארלאזט דאס שטעטל מיטן אויסברוך פון דעם קריג און מיט ביטערע טרערן האב איך באזוכט דאס שטעטל נאך דעם קריג.

אין דער צייט האבן זיך צונויפגעקומען עטלעכע בריגלער יידן אין שטעטל. עס איז אונדז באוווסט געווארן, אז אין סלאטווינער וואלד און אין זשעזאווע זענען דערהרגעט געווארן די אלע, וואס האבן זיך דארט באהאלטן. דאס איינציקע וואס מיר האבן געהאלטן אלס חוב צו טאען, איז געווען זיי צו ברענגען צו קבר ישראל.

## דער דראנג פון לעבן

נאך עטלעכע באזוכן אין בריגל בין איך געקומען צו א מסקנה, אז איך קאן זיך צוריקקערן צו מיין פראפעסיע: אויפקויפן הינער, גענדז, אינדיקעס און די סחורה איבערפירן קיין נידער־שלעזיע און דארט פארקויפן. איך מוז באצייכענען, אז דער מסחר איז אין יענער צייט געווען זער א גוטער. איך האב זיך ארופגעכאפט קיין בריגל יעדע וואך אויף א טאג־צוויי. אין המשך פון מיינע באזוכן אין שטעטל האב איך זיך באקענט מיט עטלעכע גויים וואס זענען געווארן סוחרים מיטן אונטערגאנג

פון די יידישע סוחרים. זיי האבן געהאנדלט מיט די סארטן זאכן וואס איך. זיי האבן מיר פראפאנירט, כ׳זאל מיט זיי צוזאמען פארן קיין זשאבנע אויף דעם יריד. מיר האבן געדונגען א לאסט־אויטא און געפארן קיין זשאבנע. פאריינדיק, אין וואלד פאר זשאבנע האט אונדז פארהאלטן א באוואפנטער פאטראל פון די „א.קא.״ און רעווידירט דעם אויטא, און אלע וואס האבן זיך געפינען איך דעם אויטא. צו מיין מזל איז דער רעווידירער געווען א שייגעץ פון יאדאווניק, וואס האט מיך דערקענט און האט פעסטגעשטעלט, אז צווישן אונדז געפינען זיך נישט קיין או.בע.־מענטשן. די זענען געווען די אנהענגער פון דער דעמאלטדיקער רעגירונג, קעגן וועלכע די „א.קא.״־מענטשן האבן געקעמפט, און צווישן אונץ איז נישטא קיין קאמוניסטן און אויך נישט קיין יידן; און אלס אזעלכע האבן זיי אונדז געגעבן די דערלויבעניש צו פארן קיין זשאבנע.

## די „הילולא״ אין זשאבנע

ווען מיר זענען געקומען קיין זשאבנע האבן מיר אין גאנצן נישט געוואלט וויסן פון דעם „יריד״. מיר אלע זענען גלייך פארפארן צו א קרעטשמע און מען האט געפראוועט א שמחה אויף דער קאנטע פון דער „א.קא״, ביי וועלכע מיר זענען בשלום אדורך די רעוויזיע און געבליבן לעבן.

מיר האבן זיך אוועקגעזעצט אין דער פרי און ביז אזייגער 2 נ.מ. זענען מיר געזיצן און געגעסן און געטרינקען, ביז מיר אלע זענען געווען איבערגעפרעסן און איבער־געטרינקען, שיכור ווי לוט. מיך האט די שמחה געקאסט 1.000 זלאטעס. דאס איז געווען מיין גאנץ געלט אויף דעם יריד. נאר דאס איז ווערט געווען טויזנט ירידים – איין קלייניקייט, איך האב געשפילט מיט מיין לעבן און האב עס געווינען! אבער דאס לעבן האט זיינע פארלאנגען און דער דראנג פון וועלן לעבן איז שטארקער פון אלץ. דא ליגט דער סוד פון „אדם בנפשו יביא לחמו״.

אזוי האב איך פארגעזעצט מיין האנדל אין בריגל א לענגערע צייט.

## איך בין איינגעלאדנט צו דער „א. קא.״

ווי שוין אויבן דערמאנט, פלעג איך קומען יעדן דינסטיק אויפן יריד קיין בריגל. געווענלעך בין איך געגאנגען פון איינעם צום צווייטן און געקויפט.

פלוצלינג, מיט א מאל קומט צו מיר צו א פארפיצטע גוייטע מיט א הין אין דער האנט און זאגט: דו ביסט יאסעק, וואס דו האסט געטראפן אין וואלד פאר זשאבנע דעם פאטראל פון אונדזער גרופע. דער קאנטראלער פון יאדאווניק פארלאנגט פון דיר, זאלסט קומען צו אים, אויפן היי־פלאץ ביי אסתר מירלס בויד. הערנדיק די ווערטער האבן מיינע פיס זיך אונטערגעבראכן און געציטערט. דער געדאנק האט מיר דיקטירט, איך זאל גיין, ווייל נישט גיין וועלן זיי מיך פארטיק מאכן אויפן ארט. און אזוי ציטערדיקערהייט בין איך צוגעגאנגען און דארט אים געטראפן. ער האט מיר פראפאנירט, אז איך זאל שפענדן א סומע געלד פאר די „א.קא.״־ארגאניזאציע. מיין ענטפער איז געווען: דאס געלד וואס איך האב געהאט איז אויך נישט געווען מיינס. דאס קענען אפילו באשטעטיקן מיינע קאלעגן, וועלכע זענען דעמאלט געפארן מיט מיר אין דעם אויטא. זיי וועלן באשטעטיקן, אז אין זשאבנע האבן מיר פארטרינקען

דאס גאנצע געלט מיינס און איך בין שולדיק מיין מומע 1.500 זלאטעס. נאר ער שטייט אויף זיין פארלאנג, מוז איך זיך בארגן ביי דער מומע מיינע און אים געבן. אויף דעם האט ער נישט מסכים געווען, און מיר גערוטן איך זאל בכלל ארויספארן פון פוילן.

## איך פאר קיין ארץ־ישראל

שוין אין יאר 1946 ווען מיר זענען געקומען קיין פוילן, האבן מיר באקומען אלע ידיעות וועגן דעם, וואס עס טוט זיך אין ארץ־ישראל. מיר האבן געהערט פון די קאמפן וואס זענען פארגעקומען צווישן דעם ,,אצל'' מיט די ענגלענדער און אויך וועגן דער ,,לחי''־גרופע, פון דער ,,הגנה'' און דעם פלמ''ח. בכלל איז געווען די שטימונג צו פארן קיין ארץ־ישראל ביי די איבערגעבליבענע יידן אין פוילן און ביי מיר בפרט. איך בין דאך לאנגע יארן געווען אין דער יוגנט־ארגאניזאציע אגודת הנוער העברי ,,עקיבא''. און איצט, ווען דער יאדאווניקער ,,א.קא.'' ווארט זאגער האט מיר געגעבן אנצוגעהערן אויף אן איידעלן אופן, אז איך זאל זען זיך אפצוטראגן פון פוילן, איז דאס געווען דער לעצטער שטופ, איך זאל דעם געדאנק פארווירקלעכן. ווי נאר איך בין פון בריגל געקומען קיין שלעזיע, האב איך אנגעהויבן טאן אין דער ריכטונג פון ארויספורען קיין ארץ ישראל.

ליידער, זענען אלע מיינע בקשות אפגעוואָרפן געווארן. אזוי האט זיך דאס געשלעפט 4 יאר. נאר מיט דער אנטשטייונג פון מדינת ישראל איז ענדלעך געקומען די דערלויבעניש. דאן האט זיך אנגעהויבן א מעשה מיט דעם שטייער־אמט: וויפל איך האב באצאלט איז נישט געווען גענוג. און יעדעס מאל האט מען געפאדערט א אנדערע באשטעטיקונג און פרישע געלטער. נאר סוף־סוף האב איך מיט זיי געענדיקט. דאן האב איך באקומען א גמילת חסד פון די בריגלער און בין געפארן קיין ישראל. פון 1950 לעב איך אין ישראל, גאט זיי דאנק. פון אנהויב איז געווען זער שווער, אבער נישט צו פארזינדיקן. איך לעב גאנץ באשיידין אין מיינע צוויי צימערלעך, טאקע נישט קיין לוקסוס, נאר פיל בכבודיקער, שענער און בעסער, ווי אין בריגל.

**6.3.76**

**דערציילט פון יוסף שיפר**

**געשריבן פון חיים בריגלר**

**מאת סבינה שמוקלר**

## התרשמויות מיוחדות מהימים הללו

נפילתה של קרקוב האוקופציה של כל המחוז ,,הבאיעבוצטוא'' - בפולנית) ארך כמה שעות בלבד בואם של הגרמנים ל,,בריגל'' היכה את האוכלוסיה כולה בעיירה בתמהון והלם חזק. על העיירה נפלה אימת רפאים וכולם הסתגרו בבתיהם. אך הרצון לחיים הכריחו את האנשים להתחיל לצאת ולהביא צורכי מים ומזון, כך חזרה האוכלוסיה לנוע בעיירה והיה נדמה שהחיים חוזרים למסלולם התקין, אולם חיש מהר פורסם הצו הראשון, והוא האיסור על התקהלות אנשים, וזה חל גם על אולמות צבוריים ועל כל בתי הקהילה. עד כמה שהחיים היו מעורפלים הגזירה הראשונה הזו בשרה ליהודים כי מצפה להם מצב גרוע יותר אבל חפץ הקיום גבר על הפחדים.



משמאל לימין: לאה (לולה) מנסדורף, מונדק לאופר, חוה לאופר (לבית ברנדשטטר)
יעקב ברנדשטטר, נטקה ברנדשטטר (לבית צור) מקס למנסדורף,
מרים (מינה) שטרנגר (לבית ברנדשטטר)



משפחת טימן

## פעולה מיוחדת

יש לציין את ההעזה של קבוצת צעירים באותם הימים הראשונים למלחמה התרבו הבורחים משטח הכבוש הגרמני מזרחה, מי באוטו, מי בעגלה, ומי ברגל. כל העוברים את העיירה נתכבדו בתה חם, עוגות, או לחם עם ממרח, הדבר אורגן על ידי קבוצת חניכי ,,עקיבא'', ועד כמה שאני זוכרת היו אלה: סבינה טיימן, ליפקה פייבוסוביץ, לולה בלך, ובנו בורגניכט, רבים מן האוכלוסיה היהודית באו לעזרת הפעולה הזאת בכל יכולתם. והנה הפתעה, לשולחן התה והמזון שעמד בפנת השוק ניגש מזכיר העיריה ופנה אלינו במילים אלו: ,,דבר יפה עשיתם, ולכן גם אנו מטעם העיריה מוצאים לעצמנו לנכון ורוצים להשתתף במפעלכם. והוא נתן לנו במקום צווי נפוק לאופי הלחם בעיירה, ובכל יום היינו מקבלים לחם לחלק לעוברים דרך העיירה, העוברים ציינו את זה לשבחם של אנשי העיירה באומרם כי רבות הן העיירות שעברו דרכן אך באף אחת מהן לא היתה פעולה דומה לזאת.

## הגרמנים ממנים ,,יודען־ראט''

הגרמנים מינו את ה,,יודען־ראט''. תחילה האוכלוסיה היהודית השלתה את עצמה באשליות בחושבם ובאומרם ,,שלא נורא'', אבל חיש מהר הגיחה האכזבה במשך הזמן. בהתחלה היהודים רצו להאמין כי ה,,יודען ראט'' יהוה מסגרת עזר לאוכלוסיה, אך הם נוכחו עד מהרה לצערם ולאסונם שה,,יודען ראט'' כלל וכלל לא נוצר בשביל היהודים כי אם בשביל הגרמנים ימ''ש. הם לא נתנו שום עצה והדרכה ליהודים, כל עיסוקה ופעולתה היו רק הוצאה לפועל של הפקודות שקבלו מהגרמנים, וכך התחילו בגיוס גברים ונשים לעבודות שהגרמנים דרשו. ההתיצבות לעבודה גררה כל מיני מזימות שפלות מצד הגרמנים. המזימה הבולטת ביותר היתה חיוב ,,כופר ראש'' היינו כל מי שרצה לפדות את עצמו מעול מחנה העבודה, היה חייב לתת הכופר בכסף או בשווה כסף, והסכום גדול אפילו לעשירים. תחילה רבים עשו זאת אולם תאות הגרמנים לבצע כסף הלך וגבר מיום ליום והם חזרו בכל פעם עם צו חדש עד שרוב האוכלוסיה היהודית לא יכלה לעמוד בזה. וכך המשיכו החיים עם כל התלאות והצרות שהלכו והחמירו מיום ליום, ובמקביל התרבו הביזות והשוד על ידי שכנינו הפולנים בעזרת הגרמנים ימ''ש.

## הצלתי תינוק

ה,,אקציה'' הגדולה הראשונה אשר בצעו הגרמנים ימ''ש, בפתאומיות כזאת ובכמויות כאלה גדולות איש בעיירה לא העלה כזאת על דעתו, אומנם היינו כבר רגילים לכך שאי פה ואי שם נורו אנשים נשים וטף, אבל מקרים אלה היו בודדים, כאילו מקריים, הפעם הגרמנים הביאו שתי משאיות גדולות מן הרגיל, והעמיסו עליהן כמאתיים נשים ובחורות.

בשכנות ביתנו גרה לולה ברנדשטטר, היא היתה זה כמה חודשים לאחר לידה, מהלידה חלתה והיתה נפוחה כולה כחבית, בקושי הניעה את גופה כדי לטפל בתינוק ובבית, ביום האקציה פרצו לביתה שני גרמנים ופקדו עליה לעזוב את הבית היא סרבה וחטפה את התינוק ואמצה אותו אל ליבה, וסגרה עליו בשתי זרועותיה כה חזק שבשום אופן לא עלה בידם להוציא את התינוק מזרועותיה למרות כל הקללות והמכות

האכזריות שאין לתאר כי גבר כלשהוא ינהג כך כלפי אשה, כשתינוק בזרועותיה או כלפי אשה בכלל, אך היא לא זזה ממקומה, ואז גררו אותה בשערות ראשה עם התינוק בידיים דרך הפרוזדור והמדרגות עד למרכז השוק בו עמדו שתי המשאיות הגדושות בנשים. אינני יודעת איזה כח עילאי ותעוזה מטורפת גברה עלי, ובמשיכה אחת הוצאתי את התינוק מידיה. החזקתי בתינוק והתעלפתי, לא אדע עד היום אם בגלל זה שקת רובה של גרמני חבטה בראשי או מרוב התרגשות שאימי ואחותי היו במשאית למשלוח, כן לא אדע עד היום מי לקח ממני את התינוק.

## הבדידות

אני רואה חובה לעצמי לכתוב על נקודת תורפה אשר לעניות דעתי היתה בעוכרינו בימים ההם והיא **הבדידות**. זו המכה הקשה ביותר והמכוערת ביותר שבה לקינו בימי מבחן של חרפה והכרעה על עצם קיומנו הגופני, ישנה אמרה עממית ביידיש המציינת את אופים של הגרמנים ימ"ש והיא: שכל אחד מהם כיחיד הוא ,,יקה פרץ - טיפש גמור, אולם ביחד הם מגיעים לשיא החכמה שהשתמשו בה הפעם לאסוננו הגדול להמצאות שטניות, רצח והשמדה, ענויי תופת ויסורי שאול שלא ידעה האנושות עלי אדמות, ולעומתם ציינו את היהודים - שביחד הם אוילים וכסילים מושלמים, ורק כבודדים כל אחד מהם בפני עצמו חכם גדול. אך לחרפתנו ולדאבוננו ולאסוננו, בין שהיו יהודים ביחד ובין שהיו כל אחד לחוד כפרט היו הם חסרי אונים, והעדר כל הבנה בהערכת המציאות הרת הסכנות בטרם הופעתה, כולם נבוכים ומבולבלים נסתלקה מהם כל תושיה ועצה.

ראשית, חטאה המנהיגות היהודית העולמית, שלא ידעה ולא רצתה לדעת ולא השכילה להכין את היהודים בעוד מועד לקראת הצפוי להם. הם לא חשו את האסון שמתקרב, ובעקבותם הלכו העסקנים הקטנים מכל הזרמים וכולם עסקו בקטנות יום יומיות. ובעיירה שלנו הרי היו אנשי מפלגות ונבחריהם הפרנסים הקהילה וה"דוזובים" בעיריה, רבנים וחכמים אשר במשך שנים רבות תבעו לעצמם את הריבונות הבלעדית של דוברי האוכלוסיה היהודית בעיירה, וכאשר פקד אותנו האסון האיום והנורא הזה אז כאילו האדמה בלעה אותם. ובאותם הימים כל אחד בעיירה נהפך ליחיד ובודד, והבדידות הזאת היא אשר הוליכה אותנו במרוצת הזמן לאבוד צלם אלוקים ואדם. ואז כתוצאה מהתנאים הבלתי אנושיים שיצרו הגרמנים ימ"ש, הפכו אותנו לכלבים נרדפים ביותר ואם לכאלה נהפכנו אז כל אחד מאתנו חפש לו לעצמו ורק לעצמו, את הטרף לקיומו הוא היום יומי וכל הדרכים והתחבולות היו בעיני כל אחד מאתנו כשרים למהדרין, רק כדי לקיים את חיי הכלב הנרדף שלו, ונהיה כחיה מהג'ונגל האירופאי של בני אדם כביכול, אנו נהפכנו לחיות הטרף הגרועות שבג'ונגל כי אלה חשות את הפורענות אשר עומדת לבוא עליהן והם יודעים להתלכד לעדרים וזה מהוה להם הגנה ראשונית על קיומם ורק המזדנבות הנחשלות נטרפות, אבל העדר נשאר עדר. ואתנו קרה ההפך - עדרים, עדרים ברבבות הובלו היהודים להשמדה טוטלית, להרג, חנק ושריפה, ורק בודדים הצילו את גופם, ויש לומר את האמת הטרגית הזאת למען ידעו הדורות הבאים את אשר קרה באמת, ורק כאשר ידעו את האמת האמיתית רק אז יש תקוה שידעו ללמוד את הלקח, למען קיום הדורות הבאים, מי יתן וכך יהיה.

מסופר מפי סבינה (טימן) שמוקלר
נכתב על ידי חיים בטלן

מאת יצחק תידור

# אזוי האב איך אפגעראטעוועט מיין לעבן

אזוי ווי עס האט געהערשט א פולשטענדיקער כאאס אין די פוילישע מיליטירישע קרייזן, נאך פיל פיל צייט פארן אויסברוך פון דער היטלער ימ"ש מלחמה, האט מען מיך ערב דער מלחמה אין גאנצן נישט מאביליזירט צום מיליטער. און אזוי ווי די גאנצע קראקעווער וואיעוואדעשאפט איז באלד אין די ערשטע טעג פון קריג אקופירט געווארן דורך די דייטשן אין די טעג האט זיך מיר איינגעגעבן, ווי א סך אנדערע, צו אנטלויפן קיין טארנאוו, דא האב איך זיך פרייוויליק ווי פיל אנדערע צוגעשטעלט צום מיליטער. דא אין טארנאוו האט מען געקלערט, ווער די פוילישע ארמיי שטעלן א שטארקן ווידערשטאנד, די דייטשן. אבער מיט עטלעכע טעג שפעטער האט זיך די פוילישע ארמיי צוריקגעצויגן פון טארנאוו קיין קאלבושוו. אין קאלבושוו האט זיך קאנצענטרירט א גרויסע טייל פון דער פוילישער ארמיי וועלכע איז צעשפליטערט געווארן אין די ערשטע טעג פון קריג אין שלעזיע, ארום קאטאוויץ און ארום קראקאוו אין קאלבושוו האט זיך געשאפן א גענעראל־שטאב וועלכער האט אנגעהויבן צוגרייטן די ארמיי צו אן אפענסיווער אטאקע קעגן די דייטשן. אבער מיט א צען טעג שפעטער האט אריינמארשירט די רוסישע ארמיי אין די אוקראאינישע געביטן, אין לעמבערג ביז צום בוג און אין גאנץ מזרח־גאליציע. דאן האט זיך די פוילישע ארמיי איינגעבראכן. דער גענעראל־שטאב האט פונאנדערגעלאזט דאס מיליטער און גלייכצייטיק דערקלערט, אז יעדער איינער קאן ממשיך זיין לויט זיין געוויסן און זיין פריוואטער איניציאטיוו. מיט דעם האט זיך געענדיקט די גאנצע עפאפעאע פון דער קאלבושאווער פוילישער ארמיי און פון איר גענעראל־שטאב.

אין קאלבושוו האב איך געטראפן פיל פליטים פון בריגל, צווישן זיי מיינע שכנים אין בריגל, הערשל פאווליג ז"ל און דוד מינגעלגרין (טוסטע). מען האט פיל גערעדט, געטראכט און פלאנירט ווי אזוי צוראטעווען דאס לעבן. נאר די טאג־טעגלעכע געשעענישן האבן צעשטערט אלע פלענער און אזוי ווי עס האט זיך נישט ארויס־געהויבן קיין שום ידישער אויטאריטעט וואס זאל פרובירן ווייזן עפעס אן אויסוועג, האט זיך יעדער איינער געזוכט פאר זיך זיין פריוואטן וועג.

איך בין נאך געווען א פוילישער סאלדאט אין דעם מיליטערישן אוניפארם און אויך מיט דעם געווער. ביי כמעט אלע סאלדאטן איז געבליבן די מיליטערישע אויס־שטאטונג מיטן געווער. אין דער צייט האט זיך פארשפרייט א קלאנג, אז א גרויסע טייל פון דער ארמיי גרייט זיך אריבערצוגיין די רומענישע גרענעץ. איך האב פיל נישט געטראכט און באלד זיך אנגעשלאסן צו דער גרופע „געזאגט און געטאן" אוונטצייט האבן מיר אנגעהויבן גיין אין דער ריכטונג צו קאלאמיי – טרעמבאוולא א.א.וו. און נאך פיל אנדערע שטעטלעך. נאך עטלעכע טעג גיין זענען מיר צוגעקומען צו דער רומענישער גרענעץ, הארט ביי שניאטין. און ווען די מחנה פוילישע סאלדאטן האבן איבערגעשריטן די רומענישע גרענעץ, האט אונדז די רומענישע ארמיי גענומען אין פלען. מען האט אונדז אנטוואפנט און איינגעשפארט אין א לאגער געפענקעניש.
מיט דער צייט האבן מיר זיך – סאלדאטן פון דעם לאגער – באפרייט. מיט דער הילף פון די רומענישע יידן דארט האב איך באקומען ציווילע קליידער אין אנטרונען פון דעם לאגער. די יידן האבן מיך געבעטן בלייבן מיט זיי אבער איך האב נישט געוואלט בלייבן אין קליינעם שטעטל און אוועק איך בין קיין בוקארעשט. דא האט שוין עגזיסטירט א פוילישער קאמיטעט, וועלכער האט געהאלפן די פוילישע פליטים.

גלייך האט מען מיר געמאכט א נייעם פוילישן פאס אלס פאלאק, וואס האט מיר געדינט צו האבן די רעכט אויף הילף פונעם קאמיטעט. גאנץ שנעל האב איך זיך אקלימאטיזירט אין רומעניע. איך האב שנעל באהערשט א גרויסן טייל פון דער רומענישער שפראך און בין אריין אין פארשידענע האנדלען. אבער די זיבן גוטע יארן האבן זיך שנעל געענדיקט, ווייל די דייטשן האבן אריינמארשירט קיין רומעניע אן איין שאס. און דאס הייסט שוין נישט קיין אקופאציע לויט דעם נוסח פון דעם פילפארביקן סאציאליזם קאמוניזם רענעסאנס אין דם אומגליקלעכן צוואנציקסטן יארהונדערט. זייענדיק אין בוקארעשט האט זיך געפילט אז דער אנטיסעמיטיזם וואקסט פון טאג צו טאג ווי שוואמען נאך דעם רעגן. די „אייזן גרופן", ווי זיי האבן זיך גערופן, האבן זיך צעברשעוועט נאך שטארקער און טראץ דעם וואס איך האב געהאט א פאספארט אלס פאלאק, נישט אלס ייד, האב איך דאס אפגעפילט. איך האב פארלוירן די דרייסטקייט, די אומזיכערקייט האט מיך אנגעהויבן צו באגלייטן, וואס ווייטער אלץ מער און שטארקער.

דאן האב איך פארלאזט בוקארעשט און זיך באזעצט אין א קלענער שטעטל. אין דעם שטעטל האט זיך געפונען א גרויס געשעפט פון פארשידענע אינסטאלאציע־טיילן, פאר וואסער, גאז, עלעקטרע א.ד.ג. דאס געשעפט האט געהערט צו אן אלטן „פאלקסדויטש" די פרוי זיינע, א דייטשקע, אין די העלפט יארן פון אים, זי איז געווען די אנפירערן און איניציאטארין פון דעם געשעפט. אלס דייטשקע האט זי באקומען די אינסטאלאציע־ארבעטן אין מיליטערישע דייטשע אנשטאלטן. זיי האבן אנאנסירט, אז אינסטאלאציע פאכלייט קאנען זיך ווענדן אין געשעפשט און קריגן ארבעט. איך האב איינגעשטעלט זיך געמאלדן אין דעם געשעפט, און באלד באקומען ארבעט.

איך בין געווען אין די בליענדיקע יונגע יארן, שיין, געזונט און אויך א גוטער פאכמאן – דאס האב איך געלערנט אין דער פאך־שולע אין קראקע. דאס האט מיר געדינט, און אין משך פון בלויז עטלעכע טעג האב איך זיך שוין אויסגעצייכנט אלס דער בעסטער פאכמאן און בין חשוב געווארן ביי מיינע ארבעטסגעבער. מיט דער צייט האט זיך געשאפן מיט דער פרוי גאנץ נאענטע פריינדשאפט וועלכע האט מיר געגעבן דאס געפיל פון זיכערקייט אזוי ווייט, אז איך האב זיך דערלויבט דורך זייער געשעפט־אדרעס אנצוהאלטן א ברייוולעכן קאנטאקט מיט מיין משפחה אין בריגל, ביז צו דער ליקווידאציע פון דער בריגלער קהילה הי"ד.

ארבעטנדיק אין דער אונטערנעמונג פון דעם געשעפט האב איך גוט פארדינט און איך האב זיך אויך געקאנט דערלויבן שיקן פעקלעך אהיים. ליידער מוז איך מיט הארצווייטיק באצייכענען, אז נישט אלע פעקלעך זענען אנגעקומען צו מיין מוטער. ווען זיי האבן נאך געקאנט שרייבן האבן זיי מיר דאס געשריבן, די פאסט־קארטלעך וועלכע זענען נאך ביז היינט ביי מיר געבליבן. זיי זענען די בעסטע עדות וואס עס איז פארגעקומען מיט די יידן אין מיין שטעטל. פארשטייט זיך, אז זיי האבן נישט געקאנט ארויסשרייבן קלאר וואס מיט זיי פאסירט ווייל יעדעס קארטל איז אדורך די צענזור קודם פון יודן־ראט און דאן פון די דייטשן. נאר לייענדיק אין קארטל דאס ביי „זאורלע" איז געווען א שמחה מיט פיל געסט האט מען באלד פארשטאנען, אז ביי זאורלען קומען ליידער נישט פאר קיין שמחות נאר פונקט פארקערט, ער איז דער באגרעבער און ביי אים איז בלויז לוויות און דאס האט געזאגט, אז פיל טויטע זענען געווען צו באגראבן. דאס האט אויך באטייט אז די דייטשן האבן אויסגעפירט א גרויסע אויסראטונגס־אקציע אויף די בריגלער יידן. אדער די ידיעה, אז מיין יינגערער ברודער

Lieber Sohn! Brzesko 20/V 942

Deine Karte fon 7/IV habe leztens erfalten
für welche dir herzlichst danke, meine
Karte in welche ich dir bereiz alles geschrieben
habe fon die erfaltene pakeitl hast dü schon
sicher erfalten, jetzt die lezte 2. pakeitl was ich
erfalten habe kann ich dir schreiben war ein
stikl seif und Kafei für welche dir recht herzlich
danke jedes gegenschtend was dü mir schickst derkwickst
dü mich und derhalst mich beim leiben, der l. Gott
sall dir für alem bezahlen ich war schon leztens sehr
machalenklich weil dü nicht schreibst nur habe mich
wieder erfreüt das dü zü Familie Leah geschrieben hast
hoffentlich werde aüch fon dir schreiben haben, wier
befinden üns Gott sei dank gesünd aüch die Familie
was wier aüch fon dir hoffen wier haben üns auch




Sara ...
Schiffer Brzesko
Kolumna 3go maja

l. Sohn habe dir schon
zwar geschrieben dafon
und weiss ganz güt das
dir darf man nicht schreiben
wan dü die meiglichkeiten
hast weist dü allein was
zü tün mir filleicht hast dü
kein geduld oder keine meig
lichkeiten etwas abgeleigte
sachen zü schicken das
mechten wier sehr gern
sonst sans kein neies zü
schreiben als die herzl.
grüsse und Küsse wie die
Kinder grüssen und küssen dich
herzl. herzl grüsse und küsse
fon die ganze Familie
fon deine Mütter




הגלויות של יצחק תידור  די קארטלעך פון יצחק תידור

נתן געפינט זיך אין ארבעטס־לאגער און זיי ווילן האפן, אז ער וועט צוריק אהיימקומען אין יאר 1942 האט איין קארטל געיאגט דאס צווייטע מיט זיינע טרויעריקע ידיעות. און פלוצלינג באקום איך א קארטל אין וועלכען מען איז מיר מודיע, אז די מאמע איז געשטארבן. דאס האט זיך אזוי געצויגן ביז די לעצטע טעג פון דער בריגלער „יודען־ריין" אקציע. אין דער זעלבער צייט, ענדע 1942 האבן די דייטשן אנגעהויבן איינארדנען די ארבעטס־לאגערן אויך אין רומעניע מיט דעם זעלבן סיסטעם ווי אין פוילן, ספעציעל אין די בוקאווינער און בעסאראבער געביטן. בכלל האט זיך די אנטי־יידישע לאגע פארשטארקט און איך האב אנגעהויבן פארלירן מיין צוטרוי און מיין זיכערקייט ביי מיינע ארבעטס־געבער. פון טאג צו טאג האט ביי מיר געוואקסן דער פחד און עס האט מיך געשטויסן זוכן א נייעם וועג ווי אזוי צו ראטעווען דאס לעבן. דער מוח טראכט און טראכט וואס צו טאן און טעג יאגן וואכן און מאנאטן און די אויסזיכטן פאר יידן זענען וואס א מאל ערגער און באגרענעצטער. אויף מיין קאפ ברענט דאס היטל ווי ביי א גנב. ענדלעך, אין 43סטן יאר האט זיך מיר איינגעגעבן צו כאפן א קאנטשאפט מיט א יידן וואס האט אויסגעארבעט פעסער פאר יידן אלס בראזיליאנישער גויישער בירגער. אין סוף פון 43סטן יאר האב איך באקומען דעם פאס. איך האב באלד באשלאסן איבערצוגיין די בולגארישע גרענעץ און עס איז מיר געלונגען.

אין בולגאריע האב איך זיך אויפגעהאלטן א שיינע פאר חדשים, דאן אין האלב 44סטן יאר ר איך צוריק אריבער קיין רומעניע און זיך לאקירט אין דער פארטשטאט קאנסטאנץ. פון דער צייט האט זיך געלאזט פילן, אז די דייטשן פארלירן פון טאג צו טאג די זיכערקייט און דער ווירדואר איז געוואקסן. דאס האט דערמעגלעכט א ביסל פרייער אפצועטעמען.

אזוי האבן זיך געשלעפט די לעצטע מאנאטן פאר דער באפרייונג.

אין דער צייט האבן זיך באוויזן איינצלנע יידן, וואס זענען אנטלאפן פון בריגל און אריבער קיין רומעניע. ביי מיר איז געווען איין ציל: צו פארלאזן אייראפא. אבער דאס האט זיך מיר איינגעגעבן ערשט ביים סוף פון דער מלחמה, ווען מיט מיין בראזיליאנישן פאס בין איך געפארן קיין בראזיליע ווו איך האב זיך אויפגעהאלטן א שיינע פאר יאר און נאכדעם בין איך געקומען קיין ישראל.

זאלן מיינע ווערטער דינען אלס מצבת זכרון פאר מיין משפחה און אלע בריגלער קדושים, וואס זענען אזוי טראגיש אומגעקומען.

דערציילט פון יצחק תידור (איטשע שרה־ביילעס)
פארצייכנט פון ח.ב.

מאת משה ליכטבראון

## היהודי הראשון שנורה בעיירה

בהשארי - שארית הפליטה היחידי מכל המשפחה הענפה שישבה זה דורות רבים בעיירה בריגל, הרגשתי הרגשת היחיד שנשאר, מצוה עלי להעלות בכתב את אשר ספר לי אחד השכנים שלנו, פולני שחי עד היום בפולין, בעת בקורי בעיירה אחרי גמר המלחמה.

מקום מגורינו היה מרוחק כקל"מ ממרכז העיירה, על יד הכביש הארצי קרקוב־לבוב, סמוך לשפת הנחל „אושויצה", שחצה את גבול העירה בריגל מן הכפר „יאדובניק" הידועה לשימצה בפורענותו והתנכלותו ביהודי העירה. במקום הזה התרכזו שש משפחות יהודיות. בבית סבי, ז"ל שהיה מיועד חדר לתפילה בצבור, וכל יום ששי בערב וערבי חג היו מתפללים בו תפילה בצבור, כי גם הבנים ברי המצוה השתתפו בתפילה, וכך היו למעלה משני מנינים. אבי הי"ד שמש בעל התפילה העובר לפני התיבה. בשבת בבוקר כלם הלכו לבית־המדרש „ר' וולף לויבס מנין", ובימי שישי בשעות הצהרים המוקדמות היה אבי הי"ד חוזר מבית המרחץ במרכבתו וכבר בדרך היה מפזם בקול את פרקי „קבלת השבת" והניגון של „לכה דודי". וכן היה מאיץ בסוסו משפת היידיש (נארישער פערד דו פילסט נישט, דאס קומט „שבת קודש" נו... הייב די פיהסלעך שנעלער פריילּיכער) הא סוס שוטה אינך מרגיש איך קדושת השבת הולכת ומתקרבת, ובכן הרם רגלך ביתר זריזות ובצהלה, ויא! ויא! ומנופף בשוט על גב הסוס. כך זה נמשך עשרות בשנים עד פרוץ מלחמת היטלר ימ"ש.

ביום השלישי אחרי פרוץ המלחמה נכנסו הגרמנים לבריגל וכעבור כמה שבועות בא מפקד הא.אס. ימ"ש לבית אבי ודרש ממנו שיביא לאוטו שלו, העומד בקרבת הבית שתיים מבנותיו הבוגרות, והקציב לו 10 דקות, והוא הדגיש באם לא יביא אותן ירה בו במקום. אבי ז"ל שלא היה יכול כלל להעלות על דעתו כי אכן מותר ויכול לעשות דבר פראי כזה. התמהמה דקות ספורות. האחיות התחבאו בעלית הגג ואבי שלא רצה למסור את בנותיו לגרמנים, התיצב לפני המפקד, ואמר לו כי הבנות אינן בבית. המפקד הוציא אקדח וירה בו במקום. רצוני להדגיש כי הרוצח הזה חי עד היום בגרמניה.

## בבית־הספר לרצח

כעבור חודשיים בא שקץ פולני עם גרמני וקראו לאחי דוד ובהתיצבו, דרשו ממנו שיתלוה אליהם והלכו בכיוון גשר מסילת הברזל שפסיו הובילו למבשלת הבירה הגדולה בפולין „אוקוצים", בהתקרבם לגשר בא לקראתם אחי נתן (השוער של מכבי בבריגל) הפולני פנה ישירות אליו שגם הוא יצטרף אליהם, וכשעברו את הגשר הוציא הגרמני אקדח וירה בשניהם. יהודי העירה הביאו את שניהם לקבר ישראל הי"ד.

## משחק רוצחים

כעבור כמה חודשים מצאו להם הגרמנים משחק רוצחים מיוחד במינו. אחותי ברטה בלכתה למרכז העירה נתפסה ע"י גרמנים שעברו באוטו לכיוון גשר העץ שהוליך את הדרך לטרנוב. קשרו לה את הידים אחורנית וכן קשרו לה את העינים וציוו עליה ללכת באמצע הכביש, ובהליכה על הכביש דרסו אותה באוטו והשאירוה פצועה קשה על הכביש. היות שבבית לא ידעו מה שקרה לה, אספוה הביתה רק כעבור שעה, ובמשך יומיים התיסרה ביסורי מות קשים, עד שנפחה נשמתה הטהורה הי"ד.

## הגטו בבריגל

לאחר רציחות יהודים בודדים עברו לרציחות עשרות, ומכאן ואילך עברו לעקירת מאות יהודים מהעיירה, כביכול, למחנות עבודה, אך למעשה הושמדו היהודים האלה

בכל מיני מיתות שונות משונות, שדעת אדם נורמלי אינו מסוגל להעלות על דעתו.
בסוף שנות 1941 רכזו את שארית יהודי העירה „בגטו", לתוכו הביאו גם את כל היהודים מן הישובים היהודים והכפרים שהשתיכו לאזור השפוט בבריגל. גם שארית משפחתי וקרובי הוכנסו לגטו שמטרתו אחת היתה; הרעבת האנשים נוונם השפלתם הנפשית והפיזית. וכעבור שנה חסלו את הגטו לחלוטין, הוציאו את היהודים ממנו והעמיסו אותם בקרונות משא למחנה השמדה „בלז'יץ", ורק בודדים נצלו מהגטו. אחותי גוסטה שהצליחה להמלט מהגטו מצאה לה מחבוא אצל פולניה בקרקוב ובו נשארה עד יום נסיגת הצבא הגרמני מקרקוב, ואז הרשתה לעצמה לצאת לפרוזדור בית המחבוא שלה, מקום־שם ראה אותה שכן הבית, פולני, וזה הזעיק את המשטרה הגרמנית „המחסלת" ובשעת הנסיגה עוד בא אחד הגרמנים וירה בה.

כך נספתה כל משפחתי בחרבן העיירה, ע"י העם הגרמני לדראון עולם ועד קץ הימים. יהא שמם לתועבה וזכרם, צר למות האימה.

ויהי זכר עם כל קהילת בריגל ! במעלות קדושים וטהורים כזהר הרקיע מזהירים ויהי שמם לנצח נצחים.

נכתבו פרטים בפולנית משה ליכט בראון
נכתב על ידי רכז הספר

מאת לאה צוקר ובעלה מיכאל זילינגער

## די ליקווידאציע פון בריגלער געטא

מיר זענען צו ארעם אין ווערטער צו שילדערן דאס מארטירערטום און גרויליק לעבן, וואס האט זיך אנגעהויבן גלייך מיט דער נאצי־אקופאציע אין 1939. מיר זענען זיכער, אז נאר די, וואס האבן מיטגעמאכט דאס לעבן, זענען פעיק ארפצונעמען און פארשטיין, וואס עס האט פאסירט מיט אונדז אין די גרויזאמע טעג, וועלכע זענען געווען פינצטערער ווי „חושך מצרים".

ווי נאך דאס נאצישע מיליטער האט ארייגמארשירט אין שטעטל זענען איינגעפירט געווארן שווערע באגרענעצונגען, באגלייט מיט מארדן איינצלנע יידן. ס'זענען אויך דאן גענומען געווארן איינצלנע משפחות, כלומרשט צו ארבעט, אבער מער האט מען פון זיי שוין נישט געהערט... אזוי האט זיך די צאל דערמארדערטע יידן ביי אונדז אין שטעטל געהאלטן אין איין פארגרעסערן. די יידישע באפעלקערונג אין שטעטל איז פארוואנדלט געווארן אין געפלאגטע אנגעזעצליכע הינט, אויף וועלכע די דייטשע היצלען האבן געלויערט מיט זייערע ביקסן. זיי אויסצושיסען.

## אין בריגלער געטא

אין אונדזער געטא האבן די דייטשן קאנצענטרירט אלע יידן פון די ארומיקע קלענערע שטעטלעך אין דעם גאנצן בריגלער קרייז (פאוויאט) ווי: סצירזוע, זאקלטשין, טשכויף און אויך פון שכנותדיקע דערפער. פון דער צאל איבערגעבליבענע יידן, נאך אלע טרויעריקע אקציעס, אין וועלכע עס זענען אומגעקומען העכער דריי טויזנט יידן, איז אין דעם געטא געבליבן 2.500 יידן. די לעבנגעבליבענע פארוואגלטע אין דעם געטא, איז באשטאנען פון פרויען און קינדער אן מענער און אן טאטעס, מענער אן פרויען, טאטע־מאמע אן קינדער, קליינע און דערוואקסענע, אן טאטע־

מאמע. טראָץ דעם, וואָס כמעט אַלע האָבן געזען מיט זייערע אייגענע אויגן, ווי אַזוי די נאָענסטע זייערע זענען געשענדעט און דערמאָרדערט געוואָרן, איז ביי זיי דער דראַנג און דער ווילן צו בלייבן לעבן געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אַט דער דראַנג האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דעם, וואָס אַלע האָבן געזוכט אופנים ווי אַזוי זיך קאָנען אויסבאַהאַלטן פון די בלוטדורשטיקע דייטשע חיות ימ״ש.

## די בונקערס

די גאַנצע באַפעלקערונג, אַלט און יונג, איז באַהערשט געוואָרן פון אַ פּסיכאָז זיך אונטערגראָבן אונטער דער ערד, ווי די קרעטן אין די פעלדער. דאָס האָט זיך געמאָסטן לויט די פינאַנסיעלע און פיזישע מעגלעכקייטן. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געבויט דאָפּלטע ווענט מיט אַ קאַמופלאַזש אַריינגאַנג און צווישן די ווענט זיך באַהאַלטן. דער גרעסטער טייל האָט געגראָבן און געמאַכט אונטערערדישע בונקערס מיט פּאַרמאַסקירטע אַריינגענג. צו דעם זענען אויסגענוצט געוואָרן קעלערס און בוידעמער, די וואָס האָבן בכלל נישט געהאַט קיין געלט, האָבן אויס־געגראָבן גריבער און באַדעקט מיט אַלטע, צעבראָכענע זאַכן, מיט שמאַטעס און מיסט. עס איז צוצוגעבן, אַז די סאָרט באַהעלטענישן זענען נישט ווינציקער בייגעשטאַנען אין די טעג פון דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ, ווייל פּראָצענטמעסיק איז פון זיי מער געבליבן נאָך די ליקווידאַציעס, ווי פון די, וואָס זענען געווען אין פיל בעסער איינגעאָרדנעטע בונקערס דער בונקער־פּסיכאָז האָט זיך געצויגן אין משך פון די זומער מאָנאַטן אין יאָר 1942 עס איז נישט געווען קיין איין וואָך סאַלן נישט געכאַפּט ווערן אַ צאָל מענטשן, זיי גוט צעשלאָגן און דאַן אָוועקגעשיקט. ווערלכע מיר האָבן זיי מער נישט געזען. אין דער צייט איז באַוווּסט געוואָרן אין געטאָ, אַז די דייטשן גרייטן צו די ליקווידאַציע פונעם געטאָ, און בריגל וועט בלייבן „יודענריין".

## 3 בונקערס

ביי אונדז, אין דעם הויז פון מעכל (בעקער) צוקער, זענען געמאַכט געוואָרן 3 בונקערס: איינער אונטער די שטיגן (טרעפּ), וואָס זיין אַריינגאַנג איז געווען דורך די טירלעך פון קוימען ביי דעם באַק־אויוון, דער צווייטער בונקער איז געמאַכט געוואָרן אויף דעם בוידעם, מיט אַ באַהאַלטענע לייטער אַרויפצוגיין, אויפן בוידעם האָט מען נישט געקאָנט באַמערקן אַז דאָרט באַהאַלטן זיך מענטשן. דער דריטער בונקער איז געמאַכט געוואָרן אין הויף פון אונדזער הויז, וועלכער האָט זיך געגרענעצט מיט דעם היי־פּלאַץ. דאָרט איז אויך געווען דער איינגאַנגס־טויער אין דעם געטאָ. אין דעם בונקער אין הויף איז זיין אַריינגאַנג געווען אונטער אַ הינטישע בודע. דער הונט איז אַרויס פון דער בודע און מיר האָבן זיך אַהין אַריינגעריטשט און פון דאַנען אַריינגעריטשט אין בונקער. דאַן איז דער הונט צוריק אַריין אין דער בודע.

## די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פונעם געטאָ

דעם צווייטן טאָג ראש השנה 1942 זענען געקומען קיין בריגל עטלעכע מיליטערישע אויטאָס מיט פיל ס.ס.־לייט. זיי מיט די דייטשע און פּוילישע פּאָליציאַנטן

האבן ארומגערינגלט דאס געטא. צומארגנס, צום גדליה פארטאג, האבן די ס.ס.־לייט מיט געשרייען און מיט ווילדע דראאונגן גערופן : „יידן הערויס אויף דעם קאנצענטרירונגס־פונקט! דאס איז געווען הארט נעבן געטא־טויער. פון איין זייט די יידישע באד און ווי שוין דערמאנט, אונדזער הויז. דער גרעסטער טייל איז געבליבן אין זייערע באהעלטענישן, אבער עטלעכע הונדערט מענטשן זענען געגאנגען צום קאנצענטרירונגס־פלאץ. צו די גייענדיקע האבן זיי געשאסן און דער גרעסטער טייל איז דערמארדערט געווארן. דאס מענטשלעכע בלוט איז געפלאסן אין די גאסן מיט דעם וואסער פון די רינשטאקן. גלייכצייטיק האבן זיי אנגעהויבן ארויסטרייבן מענטשן פון די באהעלטנישן. די מענטשן וועלכע האבן זיך באהאלטן ביי אונדז אויפן בוידעם, האבן געוואלט וויסן וואס עס קומט פארביים טויער פון געטא פון וואנען עס האבן זיך געטראגן די יאמערלעכע געשרייען און געוויינען. זיי האבן אויפגעהויבן עטלעכע דאכווּקעס (רעפים) פון דאך בכדי צו זען וואס עס טוט זיך אויסער דעם געטא. דאס האבן די ס.ס.־מענער פון זייערע הויכע אבסערוואציע־פונקטן באמערקט. זענען זיי געקומען מיט הויכע לייטערס ארופגעדארפן די דאכווּקעס ארויסגעיאגט די דארט בעהאלטענע אלע זענען געקאטעוועט געווארן און אריינגעפאקט אין די לאסט אוטאס.

העכער טויזנט יידן זענען אין אונט אדעקגעפירט געווארן אין טארנאווער געטא. פון זיי איז קיין לעבעדיקער שפור נישט פארבליבן הי״ד.

צומארגנס, א טאג נאך דער אויסמארדונג און אויסזידלונג פון די יידן אין געטא האט אן אימת המותדיקע שטילקייט באהערשט די איבערגעבליבענע אין זייערע באהעלטענישן. זיי האבן זיך געלאזט אין גאס, נישט געוווסט וואס מיט זיך צו טאן. מוראדיק אוסגעהונגערטע האבן זיי זיך געלאזט גיין צו די טויערן פון געטא. דארט האבן זיך צונויפגעזאמלט איבער 300 יידן. דאן איז אנגעקומען די געסטאפא פון טארנאוו, מיט לאסט־אויטאס און אנגעהויבן שרייען: איר פארפלוכטע יודען! וואס זייט איר „עקסטראדזורשט?״ מיר וועלן אייך צייגן! זיי האבן אויפגעלאדנט מענטשן אויף די לאסט־אויטאס און מערדערלעך געשלוגן. מיינע עלטערן און משפחה זענען שוין געווען אויף דעם אויטא און פלוצים זעען מיר, ווי א סאלדאט אויף דעם אויטא שלאגט א יידן מיט דער קאלבע איבערן קאפ און זיין בלוט שפריצט פון אלע זייטן קאפ. אין דעם מאמענט האט מיך מיין מאן אנגענומען ביי דער האנט און געזאגט: לאמיר זיך צוריק ציען אין בעהאלטען מיר האבן זיך פארזיכטיק. דער נענטערט צום אריינגאנג פון דעם באד און ארויף אויף דעם בוידעם. ביינאכט האבן מיר אנטעקט אז נאך 20 מענער געפינען זיך מיט אונדז. אין משך פון עטליכע טעג האבן מיר געהונגערט. וואסער האבן מיר געטרינקען ביינאכט אין דער מקוה, דאן האבן מיר באמערקט, אז די יידישע ארדנונגס־פאליציי ציט זיך אריין אין אונדזער הויז. ביינאכט האב איך ריזיקירט און אריינגעגאנגען צו זיי און געבעטן, זיי זאלן אונדז העלפן זיך ארויסבאקומען פון דעם ליקווידירטן פארמאכטן געטא און מען זאל אונדז איבערפירן קיין באכניע. זיי האבן צוגעשטעלט 2 פאליאקן (זשארסקי און פאיאק) און פאר יעדן קאפ האבן מיר באצאלט 2 טויזנט זלאטעס, די האבן אונדז געפירט מיט די פעלדער קיין באכניע.

זאלן די אומשולדיקע יידישע קרבנות פון בירגל נישט פארגעסן ווערן פון אונדזערע צוקונפטיקע דורות.

לאה צוקר מיט איר מאן זילינגער מיכאל

מאת צבי ג׳טזליג

# טיפה מים היסורים שבהם התנסיתי

## המלחמה פרצה

הייתי נער כבן ארבע־עשרה, עת פרצה המלחמה, בגיל זה, טרם רכשתי נסיון בחיים בכלל, ולחיים אנורמליים כאלו שפקדו את יהודי העיירה אשר גדולים וחכמים ומנוסים ממני היו המומים למראהו ואחוזי תמהון לב מול ההתרחשויות בעיירה. מיד אחרי כניסתם של הגרמנים לעיירה, הוכרז על עוצר בית משש בערב עד שש בבקר, והוא נשאר בתוקף ליהודים עד חסולה של כל הקהילה היהודית הי״ד. על עוצר הבית ידעו יודעי דבר לפרש כי כל צבא כובש מכריז על עוצר בית עם ראשית כבושו, אולם הגרמנים לא הסתפקו בכך, הם נתנו את האות הראשונה באש, ושרפו את בית הכנסת המרכזי של העיירה על כל כלי הקודש ורהיטיו. (אגב, את בית הכנסת הנ״ל גמר בניתו היה ארבע שנים לפני פרוץ המלחמה) יחד עם זה הרבו בהגבלות כגון: אסור התקהלויות והתאספות. כן אסרו תפילה בצבור בכל בתי המדרש. כעבור כמה שבועות הקימו את ה,,יודענראט״. מיותר לציין כי העוני בעיירה גדל והלך, מספר הרעבים נתרבו משבוע לשבוע, כן נהרגו יהודים בודדים, כי הגרמנים בעצמם טרם הוכשרו למעשה הרג המוניים. הגרמנים תכננו קודם לנצל את כח האדם של היהודים, וכך הוציאו צוי עבודה ליהודים, ובאמצעות ה,,יודענראט״ גויסו לעבודה במחנות־עבודה, שבהם הקימו הגרמנים בתי חרושת למען מנגנון המלחמה. גם אני התיצבתי לעבודה ונשלחתי ל,,צחוף״ כאן רוכזו מאות מהסביבה. בה עבדנו עבודת פרך תחת משמר גרמני, והם לא חסכו מאתנו את מגלביהם, ולא אחד כרע ונפל ללא קום. באותם הימים עוד קבלנו אוכל, וכן תשלום עבור העבודה. כן קבלנו חופש פעם לחודשיים לבקר את משפחותינו בעיירה. בהתחלת 1942, עת מלחמת היטלר ימ״ש נכנסה לעיצומה נגד רוסיה, הדקו הגרמנים את טבעת החנק כלפי היהודים שנכלאו בגטאות, בבריגל. עוד לפני יצירת הגטו נורו כל חודש עד עשרה יהודים וזה הגיע עד לאקציה הגדולה, כפי שקראו לזה אז, כמאתיים נפש ביום אחד. כן עקרו מהעיירה למעלה מ־1500 יהודים, כביכול למחנות עבודה, אך למעשה היו אלה מחנות השמדה. מחנה עבודה שרבים מן העיירה היו בו, היה בצחוף. הגרמנים הקימו מפעל גדול לחשמל שהופעל ע״י מפל מים טבעי, שהיה בקרבת צחוף וכן מפעלים צבאיים שהופעלו ע״י החשמל שהופק במקום כאן. בצחוף התנאים הלכו והחמירו. את מנות האוכל הקטינו וכל פעם יותר גרוע. כן החריפו הגרמנים את התנהגותם כלפינו, ולא פעם הועמדנו במצב של חיל ורעדה שתקף אותנו, הנה הם עומדים לחסלנו, והא ראיה, תנאי העבודה והיחס. אז קמה תסיסה בתוכנו ורבים הביעו דעתם להתקוממות מאורגנת. פתאום הפתיעו אותנו הגרמנים והחזירו אותנו לעבודה רגילה וליחסים המקובלים במחנה העבודה בצחוף, ואז חזרה אלינו רוח האשליה, אולי בכל זאת נזכה להשאר בחיים. כך נמשכו הדברים חדשים על חדשים, כל פעם אשליה אחרת, כי הרצון להשאר בחיים אצל כל יחיד גבר מיום ליום.

בשבת לפני ראש השנה בשנת 1942, באו מבריגל כמה בחורים למחנה צחוף והודיעו לאנשי בריגל כי הגרמנים עומדים לחסל את הגטו בבריגל, ולעשות את העיירה ,,יודען־ריין״.

למחרת החלטנו, אני יוסף שטיינלוף ושמואל דורף, לברוח ממחנה צחוף ולהגיע לבריגל. הגענו לעיירה ביום שלישי, בצום גדליה. רוב רובם של אנשי הגטו הוצאו עוד קודם והובאו לטרנוב. באותו יום שלישי עוד נשארו כשלוש מאות יהודים שהתחבאו



לאה צוקר (שליזינגר)
ראה כתבה עמוד 147



סבינה טימן (שמוקלר)
ראה כתבה



יוסף שיפר
ראה כתבה
עמוד 133



יצחק תידור
ראה כתבה
עמוד 144



משה ליכטבראון
ראה כתבה עמוד 145



צבי גוטזליג
ראה כתבה עמוד 150

בבונקרים והגרמנים לא הצליחו לגלותם יום קודם, אך משום מה, הם בעצמם יצאו לרחובות הגטו, ואז באו האס.אס. ימ״ש מ,,טרנוב״ עם משאיות צבאיות, העמיסו אותם על המשאיות והובילום ל,,טרנוב״. גם לאחר הפעולה הזאת נשארו כמה עשרות יהודים חבויים במחבואיהם, וכעבור כמה ימים, אלה נמלטו לגטו הסמוך לעיירה ,,בוכניה״ שעדיין נשאר על כנו.

בבואנו לעיירה התדפקנו על דלתות הגטו ואז ,,האורדונגס דינסט״ היהודי התחננו לפנינו שנעזוב מיד את המקום כי כל רגע צפוי לנו כדור מות. ברחנו לשדות כל עוד רוח חיים בנו. בשדות נתקלנו באיצ'עלע רוזנברג זה ספר לנו כל מה שעבר על הגטו ביומיים האחרונים, וציין שהוא אינו מוכן שיגררו אותו כבהמה לשחיטה. את גורלו לא אדע הי״ד.

כל השלישיה שלנו הצליחה לחזור למחנה העבודה בצחוף. התהלכנו חפויי ראש. כל החושים האנושיים קפאו בנו. שבר הלב והמוח היה כה גדול שלא היינו מסוגלים בכלל לחשוב כבני־אדם. הסתובבנו כסהרורים, עברו ימים והידיעה שהיתה לנו, כי כמה עשרות יהודים נמלטו לגטו בוכניה לא נתנה לנו מנוח, ואז השלישיה שוב התחילה לתכנן בריחה מן המחנה לגטו ,,בוכניה״, להודע על הנותרים. הפעם תכננו הכל מראש. באנו בדברים עם האחראי הגרמני שלנו שרדף בצע כסף, וסוכם אתו שיעביר אותנו באוטו משא לגטו ,,בוכניה״, ובדרך חזרה נסור לגטו בריגל המחוסל, ונביא לו דברים שהיהודים השאירו בגטו. הוא החביא אותנו בארגז ונסענו. בקרבת הגטו ב,,בוכניה״ נתן לנו לרדת, אנו קפצנו מעל הגדר לתוך הגטו. כאן נפגשנו עם כמה עשרות אנשי בריגל, אבל ממשפחותינו לא מצאנו אף נפש חיה. אחרי שעה קלה התגנבנו החוצה מן הגטו וחזרנו למקום המפגש עם הגרמני, אתו חזרנו. בבריגל נכנסנו לגטו שהיה פרוץ מכל הצדדים, כי הפולנים נכנסו בו ובזזו כל דבר בעל ערך, ואז חזרנו עם אותו גרמני למחנה צחוף, בו נשארנו חדשים רבים. כוחותינו הפיזיים והנפשיים הלכו ונתמעטו, נהפכנו ל,,רובוטים״ חיים, כן נתרבו המתים שלא עמד להם הכוח והסבל.

לפי דעתי ראוי לציין את המעשה שעשה מוטל קיינר במחנה צחוף עוד לפני שהגרמנים חסלו את הגטו ב,,בריגל׳׳ כי מעשים כאלה היו נדירים ביותר באותם הימים:

## מקרה יוצא דופן

אני נזכר במקרה יוצא דופן מיוחד במינו בעבודת משמרת לילה. באחד מבתי המלאכה עבד מוטל קיינר מבריגל במכונה אוטומטית. לפי חרוקי המכונה שנשמעו אפשר היה להבחין אם היא עובדת ריק או עם חומר שמוכנס בה. מוטל זה היה גברתן יוצא מן הכלל. הוא היה רגיל מנעוריו, בגיל הרך להיות זה שנותן הראשון את המכה הראשונה. האחראי למשמרת, הגרמני בשם ויינגרט, הרגיש שהמכונה של מוטל פועלת על ריק, אז הוא נגש בבטחונו למוטל ונתן לו דחיפה גסה. מוטל הושיט כהרף עין את ידו בתנופה חזקה בפרצופו של וינגרט, שנפל המום ארצה מכוסה דם. מוטל עשה את שלו, נעלם מן המקום וחמק מהמחנה. עד היום לא אדע איך. במרוצת הזמן נודע לנו כי מסתובב הוא עם נשק ביערות ,,בוכניה״. יש לשער כי קשר קשר עם המחתרת אשר הוקמה ע״י אנשי קרקוב מתנועת ,,עקיבא״ ביערות ,,בוכניה״. כן הגיעו אלינו ידיעות כי הגרמים טרחו קשות במרדפים אחריו ושלמו בקורבנות רבים. במרדף האחרון עת נלכד בהתחבאו במתבן, והגרמנים הקיפוהו מכל הצדדים, הוא הצליח להתמקם בתוך הגג שהיה קלוע מאלומות קש, וכל מי שהתקרב למתבן נורה. כך עמד בודד ויחיד מול

רבים עד כדורו האחרון שאותו שמר לעצמו, כדי לא ליפול בידי הגרמנים חי. וכך עשה. הי״ד.

## מחנה עבודה במיליץ

אחרי זמן קצר שחסלו את ,,גטו בריגל״ חסלו גם את מחנה עבודה צחוף, ואותנו העבירו משם למחנה מיליץ. כאן היו התנאים עוד יותר קשים, כי הגרמנים התחילו להרגיש שרק עכשיו, בשנת 1943 המלחמה נכנסת לעיצומה, כי במיליץ הגרמנים הקימו שדי תעופה ובית חרושת ליצור חלפים לאווירונים, כך שכאן הם הרגישו את תנודת המלחמה לא לטובתם, וזה הרגיזם, ואז הגבירו את אכזריותם. ואם לא די הצרות האלה, אז התחשק לאחד ה,,קאפוס״ (לא מבריגל) ללכת לבלות עם בחורה, ומצא לו מקום דוקא באורות הסוסים, ובעזבו את האורוה שכח לסגור את הדלת, וכך יצא הסוס של מפקד המחנה והתקרב לגדר והתחשמל.

למחרת קראו את כל אנשי המחנה למסדר מיוחד, עקב המקרה שקרה עם הסוס. אז התחיל לפעול המוח היהודי, כמקובל זה הרבה שנים ברחוב היהודי. ה,,א.ו.י.ט.״ ,,אזוי ווילען יידען טראכטען״, והפיצו שמועה כי עומדים לחסלנו, ובנס נצא ,,שיעשרו״ אותנו. היינו כל עשירי יורה. ובעומדנו בשורות התחילו בדחיפות והתחלפויות, אף אחד לא רצה להיות העשירי, ואז בא ההפתעה הגדולה ביותר. מפקד המחנה הזהיר אותנו, באם יקרה עוד מקרה כזה שקרה אמש, כולנו נורה במקום למות, וציוה לחזור לעבודה בלי בעיות. שוב שקטו הרוחות וגדלה האשליה, והיא להשאר בחיים ויהי מה.

ובמרוצת הזמן התערער עוד יותר הבטחון של הגרמנים. אז הם העבירו את בית החרושת לאוירונים לתוך עומקי מכרות המלח שהיה ב,,ויליצ׳קה״ וגם אותנו העבירו לשם. אך חיש מהר התברר להם שהמכונות נאכלות מחלודה שנגרמת ע״י המלח. ולא יכלו להתגבר על זה. אז חסלו את כל המחנה ב,,ויליצ׳קה״.

מחנה עבודה ב,,פלשוב״ ע״י קרקוב

## מחנה עבודה ב,,פלשוב״ ע״י קרקוב

בסוף שנת 1943 העבירו חלק גדול מאנשי המחנה ,,ויליצ׳קה״ למחנה עבודה ,,פלשוב״. כאן חשכו עינינו בעבודתנו. אנו פגינו ערימות אדמה גבוהות מעל שוחות עמוקות, שלתוכם נזרקו אלפי גויות של יהודים, וכשגילינו את הגופות, היה עלינו להעלותם על פני השטח, שורות שורות, ואז באה קבוצת עובדים מאיתנו, שהם בדקו את הגופות, אם יש להם דברי זהב בגופם. כן היה עליהם להוציא את שיני הזהב מפיהם, ואז באה קבוצת עובדים אחרת שתפקידם היה לאסוף את הגופות ולהעבירם על ערימות גבוהות מאד, של שכבת גופות ושכבת עצים מעליהם שפכו נפט ושרפום. רבים היו המקרים, שאלה אשר העלו גופות מתים על ערימות נשכבו בין הגופות וכך כסו אותם בשכבות עצים, ונשרפו חיים. כל העבודה הזאת נעשתה תחת משמר כבד של גרמנים ושריקות מגלביהם מעל ראשינו. הרביצו על ימין ועל שמאל, ותגובותנו היתה מצמוץ עיניים. למחנה הובאו אלפים רבים, ויום יום מתו מאות מענויי תופת. כלנו נדבקנו במחלת מות, היום הוא, מחר אתה ומחרתיים אני. כל הויתנו וישותנו היתה אחת: מות.

מות ביום, מות בלילה, מות בשכבנו ומות בקומנו ומות בלכתנו לעבודה, מות! מות׳ מות! וכל זה לנו משום שיהודים אנו. כך נשארתי ושקעתי באדישות מוחלטת חדשים רבים, לכל אשר סובבונו במחנה הזה. אציין רק כי בחיסול בורות גופות המתים האלה, רצו הגרמנים לטשטש את עקבות הרצח ההמוני המתמיד, שנעשה עם התחלת המלחמה ביריות ע״י השוחות, ובהם נקברו עשרות אלפי בני אדם בטרם הופעלו כל משרפות הגז. בהתחלת שנת 1944, פתאום הוציאו כמה מאות איש למשלוח. איש מאתנו לא ידע לאן אנו נשלחים. גם לא היה אכפת לנו. הוליכונו לתחנת הרכבת. כאן דחפו אותנו לקרונות משא והועברנו למחנה ,,גרוסהאוזן״. זה היה מחנה השמדה בקרימטוריום, אך איש מאתנו לא ידע על כך. ידענו והרגשנו כי מאות אנשים נעלמים כל יום, אך המשלוחים החדשים מלאו את החסר. מה היה קורה אם כן היינו יודעים על הקרימטוריום? וכי במחנה ,,פלשוב״ לא רדף אחרינו צל המות על כל צעד? הרי הובלנו והולכנו כעדרי בהמות לשחיטה! זה שלוש שנים! ומשום מה ברשש לבוא התור של המשלוח שלנו למשריפה, ונשארנו במחנה שבועיים. בתוך המאות של קבוצתנו, היינו ארבעה אנשי העיירה בריגל. אני, משה מינץ, יעקב גוטזליג וחיים טאטוש. אציין בשמחה כי שלושה נמצאים בארץ. פתאום נקרא כל המשלוח שלנו למסדר מיוחד, בו הודיעו לנו, כי עלינו ללכת לרכבת, ושוב הועמסנו בקרונות משא בצפיפות איומה, בלי אוכל ומים הועברנו ל,,ברילניצה״ ב,,צכיה״.

## ברשות אוסקר שינדלר ז״ל

ב,,ברילניצה״, כמו בכל מחנות העבודה. אותו סגנון, אותה צורה. מגודר בגדר תיל גבוה וסבוך, אך כבר ביום ראשון לבואנו הרגשנו שהסדורים כאן הרבה יותר אנושיים מאשר בכל המחנות בהם שהינו. כמו בכל שרותי הנוחיות והמקלחות, ללא כל השואה למקומות הקודמים שלנו, ומעל לכל כמות וטיב האוכל, וכן יחס השומרים הגרמנים לא היה כה אכזרי כמו במחנות האחרים. ברור כי כל זה עזר לנו במידה גדולה לשוב ולקבל במדת מה צלם אנוש. כאן עבדנו בבית חרושת לייצור תחמושת, של אוסקר שינדלר זכור לטוב. אותו, אמנם רק לעתים רחוקות ראינו, אבל הודות להשפעתו והכונתו, תנאים אלה, נתנו לנו את היכולת להמשיך בחיים. אמנם, גם כאן היינו עבדים, כי זה היה חוק הסדר הגרמני במחנות, אבל זכות העבדות כבימי קדם, נתנה לנו, וזה הספיק לנו להשאר בחיים במחנה זה. כמעט לפני הסוף גנבתי תפוחי אדמה אחדים, ולאושרי יצאתי בפסק־דין נדיב מאד, והוא: שתלו לי על השכם והחזה, שלט כתוב ,,דער קארטופעל דיב״ ובפה הייתי נאלץ להחזיק תפוח אדמה ולרוץ לאורך הביתן חמישים פעם. לקראת הסוף התברר לנו כי במקום היתה קיימת כל הזמן מחתרת, והיא היתה ידועה לאוסקר שינדלר, בעל בית החרושת, ותנאי המחנה היו חייבים להתנהל כפי שהתנהלו, לשם הסואה. בפברואה 1945, אף קבלנו נשק להגן על עצמנו, כי היה חשש שמא הגרמנים ירצו לחסל אותנו, לפני שהם יברחו מהמחנה, כי כך הם עשו בהרבה הרבה מחנות. התענוג הזה נמנע מהגרמנים במחנה שלנו. עוד לפני שהרוסים נכנסו לברילניצה, אנו גרשנו את הגרמנים מן המחנה, בנשק שהיה ברשותנו. רק את הגרמני שהתנקל בנו ביותר שהיה קצין ס.ס. החזקנו בשבי במחנה, ולאחר כמה ימי רעב תלינו אותו. בשלישי למאי 1945 השתחררנו לגמרי מהמחנה, עם כניסת הצבא הרוסי לברילניצה.

עדעק האט זיך צוגעארבעט א שליסל צום קארטאפל־לאגער. ווערלכער איז נישט ווייט פון פרויען־לאגער. דער חבר האט דעם צווייטן טאג געגעבן די עס־עס־אוניפארם און דעם רעוואלווער, וואס ער האט געהאט באהאלטן פאר אים. דאס אלץ איז געווען גוט פארפלאנירט. אין דעם עס־עס־אוניפארם האט עדעק גוט אויסגעזען. דער וועטער צומארגנס איז געווען זייער שיין. אין מיטאג־צייט איז געווען די היץ גרויס און די עס־עס־מענער האבן זיך אויסבאהאלטן פון דער היץ אין א שאטן און האבן געכאפט א שלאף.

זיי גייען אין פרויען־לאגער. דארט אין דעם באראק האט מאלא געווארט מיט צוויי יונגע סלאוואקישע יידישע מיידלעך, וועלכע זענען געווען אויך לויפערקעס ווי מאלא. מאלא איז געווען בלאס און אויפגערעגט. אויפן טיש איז געלעגן א לאנדקארטע די סלאוואקישע מיידלעך האבן אנגעוויזן די סלאוואקישע גרענעץ אויף דער לאנדקארטע. די מיידלעך האבן צוגערעדט מאלין אז זי זאל נישט בלייבן אין פוילן נאר אריבערגיין די סלאוואקישע גרענעץ.

די צוויי סלאוואקישע מיידלעך זענען געפאלן אויפן האלדז פון מאלאן, זי געקושט, געוויינט און געווינטשן דערפאלג. דאס געזעגענען זיך פון די דריי מיידלעך האט געדויערט לאנג, זיי האבן זיך נישט געקאנט איינע פון די אנדערע אפרייסן. מאלא האט זיך געזעגנט מיט עדעקס חבר. איר האנט איז געווען פייכט. זי האט געציטערט און אנגעהויבן וויינען. עדעקס חבר האט געהאט דאס געפיל אז מאלא וועט דעם שווערן וועג נישט קאנען אדורכמאכן, ווייל אזא שוואך מיידל וועט אויף די בערג נישט קענען קלעטערן.

עדעק האט הינטער זיינע קליידער געטראגן די עס־עס־אוניפארם. ער איז געווען זעלבסזיכער און האט תמיד גערעכנט אויף א גליקלעכן צופאל. צווישן דעם אפשניט א. און ב. פון פרויען־לאגער, זענען זיי זיך פונאנדערגעגאנגען און האבן זיך אפילו די הענט נישט געגעבן, דער חבר פון עדעקן האט דערביי געזאגט: מיר וועלן ווארטן אויף אייך אין קאזי. עדעק האט גענומען זיין ווערקצייג־קאסטן אויפן ארעם און איז ארויס דורך א זייטיקן ארויסגאנג פון פרויען־לאגער. עדעק האט זיך געמאלדן ביי דער וואך און איז געגאנגען לענג־אויס ראמפע. דער חבר יורעק האט זיך דערנעטערט צו עדעקן און ביידע צוזאמען מיט די קעסטלעך אויף די ארעמס זענען געקומען צום קארטאפל־בונקער און דארט מיט א נאכגעמאכטן שליסל אויפגעמאכט די טיר און ארויס אין דרויסן.

מאלא איז שנעל געגאנגען דורך דעם פרויען־לאגער. זי האט געטראגן א שווערן קלאזעט־מרשל אויפן קאפ. יורעק פירט זי צו ביז צו עדעקן, וועלכער איז געווען פארקליידעט פאר אן עס־עס־מאן. יורעק שטייט אויף „אכטונג” פארן „עס־עס־מאן עדעק”... דער עס־עס־מאן עדעק האט געהייסן מאלאן גיין פאראויס און ער גייט אייניקע שריט הינטער איר, לויט די פארשריפטן... זיי האבן נאך געדארפט אדורכגיין די גרויסע פאסטן־קעטע און פון דארט ווינקט צו זיי די פרייהייט. זיי זענען אדורך דעם שלאגבוים, ווו אן עס־עס־מאן האט געהאלטן וואך, און אזוי זענען זיי ארויס פון לאגער.

ביז אווגט האט קיינער נישט געוווסט, אז אין אורישוויץ פעלן צוויי העפטלינגען. די אורישוויץ־מוזיק שפילט דערוויל א לוסטיקן מארש. איין קאמאנדא־ארבעטער קומט נאך דער אנדערער צוריק אין לאגער אריין. די רייע קומט אויף עדעקס חברס קאמאנדא אדורכצומארשירן די וואך. די מוזיק שפילט צום טאקט פוסגיי־מארש. די ארבעטס־קאמאנדא פון די אינסטאלאטארן, ווו עדעק האט געארבעט איז געשטאנען אויף דער רעכטער זייט און האט געווארט. זיי האבן קיינמאל נישט געארבעט אלס געשלאסענע גרופע נאר אין קליינע איינצל־גרופן אויף פארשידענע ערטער פון לאגער. דאריבער האט עס שטענדיק געדויערט לענגער. ביז די גאנצע אינסטאלאטארן גרופע איז געווען אויפן זאמל־פונקט. מען ציילט זיי עטלעכע מאל און איינער פון זיי פעלט.

פון דער גרופע אינסטאלאטארן פעלט עדעק. טאדעק פיעקארסקי פרעגט עדעקס חבר: ווו איז דיין פריינט עדעק? כ׳ווייס נישט ענטפערט ער. כ׳האב אים היינט געזען אין פרויען־לאגער. טאדעק האט אונדז ביידן חושד געווען, אז מיר ווייסן יא עפעס און בעט, מיר זאלן אים נישט פארשאפן קיין צרות, ווייל ער איז פאר יעדן אייבעם פאראנטווארטלעך און ווערט באקומען פעסטע שמיץ פון די עס־עס־לייט, און ווען אים ארייננווארפן אין בונקער. ער האט זיך נישט געקאנט פארשטעלן, אז עדעק וועט אנטלויפן אן זיין בעסטן חבר. פיעקארסקי האט געמאלדן דעם עס־עס־מאן, אז איינער פון זיין גרופע פעלט. דער קאפא פיעקארסקי האט תיכף באקומען א פליאסק אין פיסק פון דעם עס־עס־מאן.

ביים אפעל רופט מען אויס: איינער פעלט! איין עס־עס־מאן לויפט צו דער וואך און באלד הערט מען דאס וואיען פון דער סירענע אויף אן אלארם. אלע שטייען אנגעשטרענגט. די רוסישע געפאנגענע קוקן שיקלדיק אויף עדעקס חבר און שמייכלען צו. יעקל שטייט ביי עדעקס חבר, קוקט אויף אים און דריקט זיין האנט. די סירענע האט אויפגעהערט וואיען, ווי זי וואלט פארענדיקט איר געוויין. דער לאגער־פירער שווארצהובער גייט אויף דער וואך. די עס־עס רופט דעם לאגער־עלטעסטן. דעניש, דער לאגער־עלטעסטער לויפט צו דער וואך. עס האט זיך שנעל פארשפרייט די ידיעה אין לאגער אלס סענסאציע.

## א סענסאציע אין אורישוויץ – די לויפערקע מאלא איז אנטלאפן

פון דעם פרויען־לאגער איז א יידיש מיידל אנטלאפן די לויפערין מאלא הארטמאן צימעטבוים, נומער 19880 און פון דעם מענער־לאגער איז אנטלאפן עדעק גאלינסקי מיט דעם נומער 531. שווארצהובער האט זיך געוווגדערט, אז זיינס אן אלטער העפטלינג איז אנטלאפן. ס׳לוינט זיך נישט צו זוכן. „דאס פארליבטע פארל איז אנטלאפן". נאכן אווגט־עסן איז עדעקס גוטער חבר געלאפן צו יורעק באראן וועלכער איז אלס לעצטער געווען מיט עדעקן און מיט מאלאן. אלע באקאנטע דריקן אים די האנט פאר פרייד, אז זיין חבר איז געלונגען צו אנטלויפן. אממייסטן האבן זיך געפרייט די יידן, שרייבט דער חבר, די יידן האבן מיך צו זיך איינגעלאדן און מיר מכבד געווען מיט עסן און טרינקען. אין אלע לאגער־פונקטן הערט מען נאר איין טעמע: „עדעק און מאלא".

יורעק האט דערציילט דעם חבר וואס האט זיך דארט ביי דער בלאָק־שטובע אפגעשפּילט. מאלא האט געהאט מזל, ווייל דער עס־עס־מאַן פערשל, וואס האט זי געקענט, איז צופעליק אודעקגעפארן אויף זיין ראוועדער און ס׳איז דארט געבליבן א פרעמדער עס־עס אויפזעערין. זיי האבן געזאגט, אז זיי גייען פארריכטן דאס אבארד־קלאזעט־שלאס וואס איז אפגעבראכן. (עדעק האט עס געבראכן.) יורעק האט מאלאן פארמאכט אין קלאזעט און געווארט ביז עדעק וועט קומען אין עס־עס־אוניפארם און וועט זי פון קלאזעט ארויספירן. יורעק האט מאלאן אנגעטאן א קאמבינעזאן פון א פוילישן ארבעטער, ארויפגעלייגט דעם שווערן מושל אויפן קאפ און זי ארויסגעפירט פון קלאזעט אין דער ריכטונג פון עדעקן צום קארטאפל־בונקער. מאלא איז געגאנגען לאנגזאם, זי האט אינגאנצן געציטערט ווי זי וואלט באקומען א מאלאריע־אנפאל. אזוי איז עדעק אוועק מיט מאלאן דורך די עס־עס־קעטע מיט דעם פאסירשיין. אלץ איז אדורך בשלום לויטן פלאן.

אין „ארבייטסקאמאנדא״ איז דער חבר געשטאנען אין דער ערשטער רייע צוזאמען מיט דעם יידן כאמעק. ווען זיי זענען אדורכגעגאנגען דורכן פרויען־לאגער, זאגט דער איבערקאפא צו עדעקס חבר: דו זאלסט מיר היינט נישט מאכן די זעלבע שפּיל, וואס דיין חבר עדעק האט נעכטן געמאכט דעם „גלעזער״, דעם איבערקאפא. אים איז עס געלונגען אדורכצוקומען גלאט, אבער איך בין א ייד און איך וועל דארפן געבן דעם קאפ פאר דיר. גיב מיר דיין ערנווארט אז די וועסט נישט אנטלויפן.

א קליינע לויפערין האט דעם חבר געגעבן א צייכן, אז זי וויל מיט אים רעדן. די קליינע סלאוואקין איז געווען איבערגליקלעך. זי האט דערציילט די סצענע ביים אפעל. די ראפּאָרט־פירערין, דרעקסלער, פון דער עס־עס האט געמיינט אז מאלאן איז שלעכט געווארן ערגעץ אין א ווינקל פון לאגער און דאס איז די סיבה וואס זי איז נישטא. אלע אין לאגער האבן געזוכט אין אלע ווינקלען.

דער חבר גייט צו שימלאקן ער זאל צוריק־ברענגען די עס־עס אוניפארם פון עדעקן, בכדי ער זאל קאנען דעם צווייטן טאג אנטלויפן. שימלאק איז אבער נישט געקומען. עס איז געקומען א ציווילסט און קוקט אויף דעם נומער פון חבר און ווינקט צו אים ער זאל צוקומען. (די נומערן מיט וועלכע די עס־עס־לייט האבן טאטוירט אויפן לינקן ארעם פון יעדן העפטלינג איז שוין געווען אויף אייביק. יעדער העפטלינג מוז שטארבן מיט זיין נומער אויפן ארעם און יעדער מוז לעבן מיט זיין נומער.)

שימלאק קומט היינט נישט, דאך האט ער עפּעס פאר מיר. דער גוי נעמט ארונטער זיין היטל און שלעפּט ארויס א צעטעלע פון עדעקן. דארט איז געווען געשריבן, אז זיי זענען אדורך אן שום שטערונג. עדעק און מאלא זענען אין אונטן אנגעקומען אין דעם דערפל קאזי. מאלא פילט זיך גוט און ביידע גייען ווייטער, איז געווען געשריבן אין דעם צעטל.

דער גוי דערציילט ווייטער. עדעק און מאלא האבן נישט געקאנט געפינען דאס הויז פון שימלאקן ווו זיי האבן געדארפט אין דארף קאזי איבערנעכטיקן. זיי האבן געפרעגט ביי די פויערים ווו עס געפינט זיך דאס הויז פון שימלאקן. דארט האט זיך ארומגעדרייט אן עס־עס־מאַן מיט א מיידל. שימלאק האט עדעקן מיט מאלאן שוין נישט געלאזט ביי זיך איבערנעכטיקן, ווייל ער האט מורא געהאט אז די פרויען וועלן אים מסרן ביי דער געסטאפא און האט זיי געשיקט צו אן אומבאקאנטן קריסט. יענער

האט זיי געשיקט אויפן פעלד צו א סטויג היי דארט זאלן זיי איבערנעכטיקן. עדעק האט נישט צוריקגעשיקט די עס־עס אוניפארם. ווייל שימלאק האט זי נישט געוואלט נעמען. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיר האבן פון שימלאקן צו פיל דערוואַרט. עדעק האט אויך נישט געוואלט שטעלן שימלאקן אין געפאר, און איז אוועק פון דארף.

א טאג שפעטער זענען ווידער אנטלאפן צוויי פוילישע העפטלינגען. קאסטעק יאגיעללא און טאמעק סאבאינסקי און שפעטער אנטלויפן רישעק קארדעל, מיכאלאק און פאפוגא. עס זענען אדורך עטלעכע טעג און עס איז אנגעקומען א ידיעה אז עדעק און מאלא זענען געכאפט געווארן.

## עדעק און מאלא געפאנגען

ווי האט דאס געקאנט געשען, אז נאך אזוי פיל טעג האבן זיי זיך געלאזט כאפן? איצט וועט מען זיי ברענגען אין דער פאליטישע אפטיילונג אין אוישוויץ און מען וועט זיי פייניקן ביים פארהערן. עס שוידערט מיך – זאגט דער חבר, אויב זיי וועלן נישט ארויסהאלטן די פייניקונגען און וועלן ארויסזאגן, ווער ס'האט זיי געהאלפן, וואס וועט דאן זיין? אויך יורעקן האט באהערשט א שרעקלעכער פחד און ווי וואס פריער אנטלויפן פון לאגער. שוין צומארגנס אנטלויפן – איז געווען זייער באשלוס. באלד באקומט דער חבר „קאסיבער" פון עדעקן א געהיים ברייזל. ער שרייבט, אז מ'האט זיי אין די בערג פון זשיוויעץ געכאפט, ווען זיי האבן זיך אנגעשטויסן אויף א גרענעץ־פאטראל. מהאט זיי געגומען אין געפענקעניש פון בילעסקא. מ'האט זיי נישט געקאנט אינדענטיפיצירן, ווייל עדעק האט געטראגן די גאנצע צייט די עס־עס אוניפארם אויף זיך. זיי ווערן יעדן טאג פארהערט געסטאפאוצעס. מען באהאנדלט זיי גוט און קריגן אפילו יעדן טאג קאווע און קוכן. די געסטאפא האט נאר געוואלט וויסן, ווי אזוי זיי זענען אנטלאפן פון אוישוויץ און ווער האט עדעקן געגעבן דעם עס־עס אוניפארם. דאס האט די געסטאפא פון זיי נישט ארויסבאקומען.

יורעק מיינט, אויב די געסטאפא קאן נישט ארויסבאקומען מיט גוטן, וועלן זיי אנווענדן די שרעקלעכסטע טארטורן בכדי זיי איינצוברעכן.ביידע חברים האבן דאך באשלאסן מארגן צו אנטלויפן. די געסטאפא האט אנגעהויבן שלאגן עדעקן מיט אייזערנע רערן איבער די פיאטעס פון די פיס. דאך האט עדעק נישט ארויסגעגעבן פון וועמען ער האט די אוניפארם באקומען.

אויף דעם צווייטן טאג גייט דער חבר ארויס צו ארבעט. ביים טויער זעען זיי ליגן טויטע העפטלינגען „אויף דער פלוכט ערשאסן". צווישן די דערשאסענע איז אויך געווען יורעק. די עס־עס־לייט באפעלן, „אויגן רעכטס!" אלע זאלן קוקן אויף די געשאסענע קאצעטלער. די עס־עס איז צופרידן.

פון עדעקן ווידער באקומען א בריוועלע, און דאס מאל א זייער טרויריקט. ער טיילט מיט, אז זיי וואַרטן אויף זייער משפט... זיי האבן קיינעם נישט ארויסגעגעבן און מאלא האט זיך זייער ווירדיק געהאלטן. קיין לעבעדיקע וועלן זיי שוין פון די הענקערס הענט נישט ארויס.

## דער גאלגן פאר עדעק און מאלאן אין אוישוויץ

מיר גייען צוריק פון דער ארבעט אין באגלייטונג פון אן ארקעסטער־מארש. אויפן פלאץ ביי דער קיך דערזעען מיר א תליה. אפט זענען אזעלכע דארט געשטאנען, צוויי אדער דריי, דאס מאל איינע. דאס מאל האט דער חבר געוווּסט פאר וועמען זי איז באשטימט. דער חבר האט געדארפט זען ווי עדעק ווערט אויפגעהאנגען. דער קאפא יופ האט עדעקן געבונדן די הענט מיט דראט. יורעקן איז מיטגעטיילט געווארן אז מען וועט היינטער דער קיך אויפהענגען עדעקן.

דער עס־עס־בלאקפירער, גראפיט, טראגט אויף זיין ברוסט דאס בלעכל, אז ער האט היינט דינסט אין לאגער. דער בלאקעלטסטער האט אים ראפארטירט. אלע העפטלינגען זענען געשטאנען אין א פירעק און די תליה אין מיטן. די טיר פון דער צעלע האט זיך געעפנט און עדעק איז ארויסגעפירט געווארן. עדעק האלט זיך ווירדיק. זיינע טריט הערט מען אפילו אויפן זאמד ווי זיי קריצן ווען ער גייט צו דער תליה. יום איז געווען דער הענקער אָן ער איז געגאנגען היינטער עדעקן. דער חבר האט זיך געדרוקט אין דער ערשטע ריי, בכדי יורעק זאל אים זען ביים אדורכגיין. עדעק איז געגאנגען שטאלץ, זיין געזיכט איז געווען בלאס און געשוואלן פון די קלעפּ. עדעק איז דורך זיין חבר אדורכגעגאנגען. עדעק איז ארויף אויפן א ינטערגעשטעל און זיך געשטעלט ביים האקן אונטער דעם גאלגן־תליה און די פעטליע פון שטריק האט באריִרט זיין קאפּ.

## עדעקס טראגישערטויט

עס דערהערט זיך דאס געשריי פון די עס־עס: אכטונג! איין עס־עס־מאן טרעט ארויס מיט א פאפיר אין דער האנט און הייבט אן לייענען דעם אורטייל. אין דעם מאמענט וויל עדעק ארייננשטופן זיין קאפ אין דער פעטליע פון שטריק, כדי אליין זיך אויפצוהענגען. ער האט אוועקגעקאפעט מיט די פיס דעם טאבורעט און איז געליבן הענגען אין דער לופטן. אזוי האט זיך עדעק אליין אויפגעהאנגען און נישט געווארט, אז די עס־עס־הענקער זאלן דאס מאכן. עדעק האט געהאלטן ווארט. עס־עס־לייט מאכן אן אלארם און צווינגען דעם קאפא צו האלטן דעם געהאנגענעם ביי די פיס, אז ער זאל נאך לעבן, ווייל ביי די יעקעס מוז זיין ארדנונג אפילו ביים הענגען. דער קאפא באפט דעם קערפער פון עדעקן, שטעלט אים צוריק אויפן אונטערגעשטעל אָר מאכט לויז די פעטליע פון שטריק.

דער עס־עס־מאן האט געענדיקט דאס לייענען אין דייטש און האט אנגעהויבן לייענען דעם אורטייל אין פויליש. עדעק ווארט רואיק ביז ער האט געענדיקט לייענען. ווען ס'איז געווארן שטיל, האט עדעק א געשריי געגעבן: זאל לעבן דאס פויל... ער האט דעם אויסרוף נישט געענדיקט, דער הענקער יום האט ארויסגעצויגן דעם אונטערגעשטעל פון הינטער עדעקס פיס און עדעק איז געבליבן הענגען. אלע העפטלינגען זענען געווען דערשיטערט און האבן אפגעגעבן עדעקן דעם לעצטן כבוד. באלד האט מען געהערט א געשריי: אלעס וועקטרעטן!

אין דעם מאמענט איז דער פלאץ געווארן ליידיק. נאר דער טויטער קערפער פון עדעקן איז דארט געבליבן. די רוסישע געפאנגענע פרובירן מיך צו בארואיקן. זיי קלאפן מיר איבער דער פלייצע און זאגן: שרייבער, בארואיק זיך, פאר אלעם וועלן די נאציס באצאלן! עדעקס חבר איז געראפן געווארן פון א לויפער.

פון די קאפאס: דעניש, יופ און קאזיעק זוס, אז זיי זאלן עפעס זאגן דעם חבר וועגן עדעקן. זיי זאגן: עדעק איז געווען דיין פריינד, ער האט קיינעם נישט אויסגעגעבן. דער לאגער־קאפא האט אים די הענט געבונדן און עדעק האט אים די קארטע געגעבן אין דער האנט. ווען גאט וועט העלפן און דו וועסט קומען געזונט אהיים, זאלסטו דאס פעקעלע געבן זיין פאטער. דער הויפט־קאפא דעניש האט אים געגעבן א קליין פעקעלע און האט אים געהייסן גיין צוריק אין זיין בלאק. דערביי געזאגט, אז ער זאל קיינעם ווענגן דעם נישט דערציילן, ווייל עדעק איז געווען א גוטער קאמעראד.

אין בלאק אונדזערן האט דער חבר געפרוווט זעען אין דער אנוועזנהייט פון יענקל און פון יידישן פריזיער וואס עס איז פאראן אין פעקעלע. אויף דער קארטע זענען געווען אויפגעשריבן די נעמען פון עדעקן און פון מאלין. עדוואַרד גאלינסקי נר. 531 און מאלא צימעטבאום נר. 19880 און אין א פארוויקלט שטיקל פאפיר א בינטעלע מיט האר פון עדעקן און א גאלדפארביקער לאק פון מאלין. מיר האבן געקוקט און געוויינט.

## אויך מאלא קומט אום אויף דער תליה

א טאג שפעטער טרעפט זיך דער חבר פון עדעקן מיט דער קליינער יידישער לויפערין, א חברטע פון מאלין, פון סלאוואקיי. זי דערציילט אים, אז מאלא האט זיך אויך נישט געלאזן פון די עס־עס־לייט הענגען. ווי מאלא איז געשטאנען אויפן געשטעל אונטער דער גאלגן־תליה און האט געהערט דעם אורטייל וואס די עס־עס לייענען אדורך אין דייטש, דאן האט זי זיך מיט א ראזיר־מעסערל אדורכגעשניטן די אדערן.

די עס־עס־לייט האבן נישט דערלויבט, אז דאס מיידל מאלא זאל שטארבן ווען זי וויל. נאר אויף זייער באפעל. דער עס־עס־מאן טאובע איז צוגעשפרונגען צו מאלין און האט געוואלט איר קערפער אונטערהייבן אז זי זאל נאך בלייבן לעבן. מאלא אבער האט דעם עס־עס־מאן טאובע מיט אירע פארבלוטיקטע הענט געפאטשט איבער פנים.

די עס־עס־מענער זענען געווען אזוי אויפגערעגט אויפן יידישן מיידל, וועלכע האט געהאט דעם מוט פארן שטארבן צו פאטשן אן עס־עס־מאן אין געזיכט, אז זיי האבן זי ארונטערגענומען פון דער תליה און האבן אויף איר אנגעהויבן טרעטן מיט די פיס אין די אויגן פון אלע ארומשטייענדיקע מיידלעך אין פרויען־לאגער. דער טויט־אורטייל איז געווארן אויסגעפירט, אבער נישט אזוי „פינקטלעך" ווי די עס־עס האט געוואלט און ווי זייערע פארשריפטן פארלאנגען עס.

מאלין האבן די עס־עס־לייט נישט געהאנגען. זיי האבן זי ארויפגעלייגט אויף א וועגעלע און אירע חברטעס האבן זי געפירט מיט דעם וועגעלע צו דער קרעמאטאריע. אויפן וועג האט זי אויסגעהויכט איר נשמה. די קליינע סלאוואקין, וואס האט דאס דערציילט, איז געווען פון די מיידלעך, וועלכע האבן באגלייט די שיינע מאלא צימעטבוים אין איר לעצטן וועג... איצט שטייט די קליינע סלאוואקין און ווישט די טרערן פון די אויגן מיטן ארבל פון איר לאגער מלבוש. דער חבר פון עדעק האט נישט געפינען קיין טרייסט־ווערטער פאר דער קליינער חברטע פון מאלי צימעטבוים.

דער חבר איז אוועק פון אוישוויץ דעם 27 אקטאבער 1944 אין לאגער אראניענבורג און האט מיט זיך מיטגענומען דאס בילד פון מאלין און דאס בינטעלע האר פון איר און עדעקן. דאס בילד פון מאלא צימעטבוים געפינט זיך אין מוזעום פון אוישוויץ אלס צייכן פון גבורה פון דעם יונגן פארל עדעק און מאלא.

דער חבר פון עדעק גאלינסקי האט געהייסן וויעסלאוו קיעלאר. מיט אים האט עדעק געדארפט אנטלויפן און ער האט אים אויסגעטוישט פאר מאלא און מיט איר געטריי געשטארבן.

איבערגעזעצט פון פויליש דורך טוביה פרידמן
ראש המכון לדוקומנטציה בחיפה, ת.ד. 4950
טעל: 511192

## די „לוסטיגעס" און די „יאַצקעס"

צוויי יידישע משפחות אין שטעטל, וועלכע האָבן מיט זייער לייב און לעבן פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד. זיי פאַר זיך אַליין האָבן אפשר ווינציקער געקלערט וועגן זייער טאַט אָבער זייער טאַט אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָט גערעדט פאַר זיך אַליין. אין ווערטער און אין איבעריקע פּרושים, נאָר געטאָן, און אַלס אַזעלכע דאַרפן מיר זיי דערמאָנען און באַצייכענען זייערע ספּעציפישע שטריכן אויף ווײַל דער זכרון דינט אונדז..

## די לוסטיגעס

די משפחה לוסטיג האָט אין בריגל גופא באמת נישט געוווינט. זיי האָבן געוווינט אויפן וועג קיין באַבניע, דאָס הויז פון די לוסטיגעס האָט געשאַפן ביי די יידישע פוסגייער קיין באַבניע אַן אילוזיע פון זיכערקייט, ווייל גייענדיק אויף דעם וועג קיין באַבניע האָט זיך יעדער ייד יעדער ייד געפּתּען און א פּחד: אַט וועט אַנקומען א שייגעץ, און וועט דערלאַנגען קלעפּ. דער פּחד און דער געפיל פון אומזיכערקייט האָט באַגלייט דעם גאַנצן וועג, ביז מען האָט זיך דערנענטערט צופּ שפּיץ פון ן באַרג, פון וואַנען מען האָט דערזען פון דער ווייטנס דאָס הויז פון די לוסטיגעס, דאַן איז געוואָרן – ווי מען זאָגט – לייכטער אויפן האַרץ. און וואָס מער מ'האָט זיך דערנענטערט צו דעם הויז, אַלץ היימישער און זיכערער האָט מען זיך געפילט, און דאָס דערפאַר, ווייל דאָ געפינט זיך די יידישע שטוב און חלבער מען וועט געפינען די באַשיצער.

## דאָס הויז פון יעקב אבינו

טראָץ דעם וואָס די משפחה האָט געוווינט ביי זעקס קילאָמעטער ווייט פונעם שטעטל, האָט מען זיי אַריינגערעכנט אַלס בריגלער. אין אמתן האָבן זיי זיך אויך געפילט אַז זיי זענען א טייל פונעם שטעטל, ווייל עטלעכע מאָל אין דער וואָך האָבן די צוויי יינגסטע ברידער פון דער משפּחה, פאַרבראַכט אין שטעטל. מיר באַצייכענען נאָר צוויי ברידער, ווייל אין אונדזערע יאָרן איז דער פאָטער זייערער שוין געווען אויף דעם עולם האמת און די צען עלטערע ברידער האָבן פאַרלאָזט זייער היים פון די עלטערן און געשאַפן זייערע אייגענע היימען. געבליבן מיט זייער מוטער איז די איינציקע טאָכטער דינה און די צוויי יינגסטע ברידער. דער עלטערער האָט געמאַכט א רושם מיט זיין שווערן, באַסיקן קול, וועלכער האָט זיך געלאָזט הערן פון דער ווייטנס. אויך זיין ידיש רעדן האָט געקלונגען מאָדנע און איז געווען האַלב פּויליש. ער פלעגט גאַנץ אָפט שפּילן אין בילאַרד ביי יאַשע שנור. ער פלעגט זיך פאַרשפּעטיקן ביז 11 אַזייגער ביינאַכט. ביי אים האָט דער פּחד נישטעקזיסטירט. ער איז תּמיד געגאַנגען באַגלייט מיט זיין קורצן שטעקן וועלכער האָט נישט געפּאַסט צו זיין הייך, אָבער ער האָט געפּאַסט און געדינט פאַר זיין אויפגאַבע.

## שיאַ לוסטיג אין גרויסן יריד־טאָג

אין בריגל זענען געווען צוויי ירידים־טעג אין דער וואָך: דינסטיק און פרייטיק. דאָס זענען געווען געוויינלעכע ירידים. יעדע צווייטע וואָך ווידער, איז געווען א „גרויסער יריד". אין דעם טאָג האָבן די פּויערים געבראַכט צו פאַרקויפן בהמות, פערד און חזירים. שיאַ לוסטיג איז געווען נישט מער ווי א פאַרמיטלער פון די פערד־

פאַרקויפער". צו דעם פּאַרמיטלער־פּאַך האָט מען געדאַרפט האָבן אַ גוטן שטעקן און פלינקע הענט. און נאָך מער: נישט קיין מורא האָבן. און די דריי זאַכן זענען געווען ביי שיא לוסטיג. גאַנץ אָפט זענען פאָרגעקומען שווערע שטרייטונגען צווישן די פערד־מעקלער, וואָס האָבן זיך גאַנץ אָפט געענדיקט מיט דער שטעקן־שפּראַך, אָט די „שפּראַך" האָט שיא לוסטיג גוט באַהערשט.

## אַ פּחד אויף די ייִדן אין שטעטל.

אין אַזאַ יריד־טאָג פון „שטעקן־שפּראַך" האָט אַרויסגערופן אַן אימה אויף די מאַרק־קרעמער. כמעט צוויי שעה האָט זיך געצויגן דער „שטעקן־געשפּרעך" און דער קלאַנג פון דעם געשלעג האָט זיך צעשפּרייט ביי די פּערדן און זיי האָבן גלייך אויסגעדריקט זייער צאָרן מיט אַנטיסעמיטישע אויסרופן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ בהלה ביי די קרעמער. זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרפּאַקן זייערע קרעמלעך. אָבער דאָך האָט זיך איינגעגעבן דעם קאָמענדאַנט מיט 8 פּאָליציאַנטן איינצושטילן דאָס געשלעג אויף דעם, אַזוי גערופענעם, חזיר־פּלאַץ. דאַן האָט זיך אַנטפּלעקט דער רעזולטאַט פון דעם געשלעג. שיא לוסטיג איז געשטאַנען טאַקע מיט זיין שטעקן אַ גוט צעשלאָגענער. עס האָט געריננען בלוט פון זיין קאָפּ און פּנים, אָבער געשטאַנען מיט זיין שטעקן. און אויף זיין יונגסטער ברודער, ערשט נישט לאַנג באַפרייט פון מיליטער, אַ גוט אויסגעשולטער באָקסער און „דזיאַדזשיטסו" איז געשטאַנען אַ האַלב־לאַכענדיקער, מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג און פון אויער האָט אים געטריפט בלוט. אַזוי האָבן אויסגעזען די צוויי ברידער לוסטיג. און ביי די גויים זענען געלעגן העכער דרייסיק עלטערער און יונגע שקצים צעשלאָגענע, פאַרבלוטיקטע, און געשריען פון זייערע ווונדן. און ווען די אַרומיקע גויים האָבן פאַרלאַנגט פון דעם קאָמענדאַנט, ער זאָל די צוויי לוסטיגס אַרעסטירן, האָט ער זיי געענטפערט, אַז ער שעמט זיך צו קומען צו דעם ריכטער אין געריכט און טענהן, אַז די צוויי האָבן זיך געשלאָגן מיט איך, הונדערטער, און אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער פאַרהער אויפן פּלאַץ און די גויים האָבן מיט חרפּה אַראָפּגעשלונגען זייער מפּלה. אַזוי איז געווען, ווען ייִדן האָבן גערעדט מיט דער „שטעקן שפּראַך".

## די "יאַצקעס"

די משפּחה האָט זיך צעצווייגט אויף צוויי משפּחות: דעם אַלטן יאַצעקס צוויי טעכטער האָבן חתונה געהאַט און געשאַפן פאַר זיך זייערע משפּחות. די ווערע טאַכטער מיט איר וווינונג אין מאַרק און די יינגערע איז געבליבן מיט דעם אַלטן פאָטער אַהרן יאַצעק, פון וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צונאָמען „יאַצעק" און דאָס איז געווען נאָך אין די צייטן פון אַלטן ר' טוביהלע. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי מחנות אין שטעטל: איינע האָט מען גערופן „אחדות" און די צווייטע „יאַשקעס". און ר' אַרון בראַון, דער פאָטער און דער זיידע פון די קינדער און אייניקלעך איז אויך געווען דער פאָטער פון דעם צונאָמען „יאַצקעס". ר' אַרון בראַון איז געזעסן צוזאַמען מיט זיינע חברים אַפּרוען זיך פון דעם שוויץ־באַד. זיי האָבן אַרומגערעדט די אינערלעכע אַקטועלע קהילה־פּאָליטיק און אַזוי ווי דעמאָלט איז געווען אַקטועל דער פּראָבלעם „אחדות" און „יאַשקעס". נישט ווילנדיק האָט אַרון בראַון אויס־געדריקט זיך אויף די „יאַשקעס" - „יאַצקעס" און עס האָט אים שוין מער נישט

געפעלט. אויפן פלאץ האבן די חברים איס צוגעקלעפט דעם נאמען „ארון יאצעק״. און אויב ער איז „ארון יאצעק״. זענען זיינע קינדער און אייניקלעך „יאצקעס״.

## דער אסענטירונגס־טאג אין שטעטל.

יעדעס יאר די זעלבע זאך: עס פלעגן פארקומען די צושטעלונגען פון דער יוגנט צום מיליטער, ווי געוויינלעך, האט די יידישע יוגנט געטאן אלץ, מען זאל זיי נישט נעמען צום מיליטער. אויסער עמך, וואס האבן נישט געהאט קיין געלט און נישט קיין פראטעקציע, דאס איז אויך געלט. פארקערט איז געווען ביי די פאליאקן: זייערע עלטערן האבן געבראכט די זין צו דער אסענטירונגס־קאמיסיע, מיט שיין באצירטע ווגענעראון עס איז ביי זיי געווען א יום־טוב־טאג. פארשטייט זיך, כדי צו דערגרייכן די שמחה זאל זיין גרויס, איז פאראנען א מיטל „א ביסעלע משקה״. און אזוי ווי זיי זענען איבערגעגאנגען צו גאנצע פלעשער וואדקע און „כל המרבה משובח״, איז דער גרעסטער טייל פון זיי געווארן שיכור ווי לוט. און אלס אזעלכע דארפן זיי ווייזן די יידעלעך וואס זיי קאנען. און זיי האבן זיך א לאז געטאן גלייך צו די קרעמער ועלכע האבן ארויסגעפאקט זייערע קרעמלעך אין דעם יריד־טאג. די צוויי משפחות יאצקעס האבן פארנומען דעם קאנט פון דער זייט פון מארק־פלאץ און ארויסגעשטעלט דארט די ערדענע און שטיינערנע טעפ די עמאלירטע טעפ און אנדערע קיך־זאכן.

## מען צעברעכט טעפ און קעפ.

די שקצים זענען גלייך צו צו די ערדענע טעפ און אנגעהויבן מיט די פיס צו קאפען אין זיי. פארשטייט זיך, די טעפ זענען צעקנאקט געווארן. אויף דעם האט דער ערשטער געענטפערט דער יונגער בעל־עגלה, דער בעל עגלה פון דער עלטערער טאכטער פון ארון בראון, בורקע, וועלכער איז אין א קורצער צייט געווארן איינער פון די יאצקעס. מיט א שינד אין פרעסער איין שייגעץ, וועלכער האט שוין מער נישט געזען אויף זיינע אויגן. און דער זון פון דער עלטערער טאכטער, וואס האט געפירט דאס געשעפט מיט דער מוטער, האט געלייגט זיינע צוויי גרויסע, שטארקע הענט אויף א צווייטן שייגעץ וועלכער האט זיך גלייך באראצט מיט בלוט פון זיין נאז. און די צוויי זין פון דער יינגערער טאכטער, פנחס יאצעק, האבן לאנגזאם, שטיל, ארויסגעריסן איעדער איינער פון זיי אן „ארטשיק״ (א טייל פון א וואגן) או ן געדארזגעט איבער די קעפ. אין איין זייט האבן די יידישע קרעמער פארפאקט די סחורות און אין דער צווייטער זייט האבן די יאצקעס געקלאפט אין די קעפ...

## די פאליציי.

נאר א דאנק דער פאליציי וואס איז געווען מאביליזירט צו האלטן ארדנונג אין דעם יריד־טאג, האט זיך איינגעגעבן אפצושטעלן די שלעגערייען, ווען נישט די פאליצי ווער ווייסט צו וואס דאס געשלעג וואלט דערגאנגען. דאן האט די פאליציי אנגעהויבן מאכן די אויספארשונג און פראטאקאלירן. דא האבן זיך אריינגעמישט יידן און גויים מיט דער פאליציי צו זאמען, מען זאל אדורכקומען. אבער די „יאצקעס״ זענען מסכים מותר צו זיין אויף א משפט, אבער פאר קיין פאל נישט, אויף די צעקנאקטע טעפ. דער אפמאך־געשפרעך האט זיך געצויגן לאנגע שעהען און האט זיך פארענדיקט מיט דעם, אז די גויים האבן באצאלט פאר די צעקנאקטע טעפ און אוועק מיט צעקנאקטע קעפ.

(הנסתר)

/ יעקב סיקא /

## ז כ ר !

ני חי עלי גשר - הזמן
החוצה תהומות דם,
ב ע י ם ד ם,
דם אבי ואמי
זה עמי
הזועק
הנואק:
זכר את אשר עשה לך עמלק,
- - - - - - - - - - - - ז כ ר ! ! !

*

ני חי כנשר
נשר־מעגן מעל בקעת־אדם
והמה -
בית ישראל
גרזן דם קפדם
חיתו - אדם !

*

ני שומע קולם
בכל אתר ואתר בעולם !
הוא צועק
הוא זועק:
זכר את אשר עשה לך עמלק
- - - - - - - - - ז כ ר ! ! !

ר"ג כ"ה בסיון תשל"ט
24.6.79

/ יעקב סיקא /

## אבי שבשמים

בי שבשמים:
מסערות האימה
באירפה - בסדום,
מיערות התדהמה,
עמד נא ודום !
כי נקרע גו אמי,
כי נעקר לב אבי.
לבי
לבי
איך נחרב זה נוי !

*

בי שבשמים:
בסדום אירפה,
בעמורתה,
נחנקה סבתי
ונשנק בה סבי.
- - - - - - - - -
אבי,
אנוש כאבי,
- - - - אנוש.

*

הה !
הלא ממצולות־ימים
התחננתי אליך:
ג א ל ה !
הה!
הלא מאוקינוס הדמים

שועתי אליך

ה צ ל ה !

*

בי,

הן כאבן שואבת

נמשכתי עדיך אל,

ואיחל

לאל

נקמות

ישראל !

*

ר"ג ל"ג בעמר תשל"ט

געווידמעט די
בריגלער קדושים.

מאת מנדל מוזס

## אל נקמות

שוין יארן אזויפיל זענען פארלאפן
ווי די שואה האט זיך געטראפן
און ס'גייט נישט דורך א נאכט,
איך זאל זיי נישט זען אין חלום, ווי עס וואלט געווען
אויף דער וואך.
ווי נאר מיינע אויגן־לעפלעך צום שלאף זיך קלעפן
זע איך זיי פאר מיינע אויגן דורכשוועבן.

עס איז א פינצטערע נאכט, אנפאנג דריטע אשמורה.
איך שפרינג ארויס פון בעט און גיי לערנען תורה.
מיט א ברענענדיק ליכטל אין די הענט,
שאר איך זיך דורך די פינצטערע געסלעך פון שטעטל
לענג אויס די ווענט.

אבער דעם שלאקסרעגן וואס האט אן אויפהער געגאסן,
האט סוף־סוף דאס ליכטל פארלאשן.
איך בלייב שטעקן אין א פינצטערן ווינקל
און קאן זיך נישט ארויסקלייבן פון דער טינקל –
זע נישט מער קיין שפרייז צו מאכן.
איך הער דאס ווילדער קול פון שטן, וועלכער טוט מיך
אויסלאכן; א געדיכטע פינצטערניש טוט מיך ארומכאפן,
דאס הארץ הייבט אן וואס א מאל שטארקער קלאפן.
פלוצים א הארציקער תורה־ניגון טוט צו מיר דערגיין,
און מיט א מאל זע איך זיך פאר מיין בית־מדרש שטיין.
שנעל, שנעל, שפרייז אריבער די שוועל!
פראל אויף די טיר – און דאס הארץ פאר פרייד ווערט
שיר נישט צעשפארט אין מיר,
אין ווארעם־ליכטיקן שטיבל, ארום לאנגע טישן,
זיצן בחורים און יינגעלייט – אין די גמרא־בלעטער זיי מישן
עס איז א ווינטערדיקע נאכט, אנפאנג דריטע אשמורה
און שוין איז דער חלל ארום פארהילט פון קול התורה;
איך קוק זיך איין – אלץ ווי אמאל געווען,
ווי אויף דער וועלט וואלט גארנישט פאסירט, גארנישט געשען
און איך פרעג זיך: ווו ציען די שטאט? ווו זייט איר
קינדערלעך, ביז איצט געווען? אזויפיל יארן איך נישט געזען.
געמיינט האב איך דאך, אז געבליבן בין איך אליין,
און אט זיץ איך שוין אויך ביי אן אפענער גמרא,
נישט פילנדיק, אז אונטער דער פלייצע לויערט שוין די צרה.
מיטאמאל א יאמערלעך געוויין דערגייט צו מיינע אויערן.
איך דריי זיך אויס – אלץ איז פארשוונדן, אלץ איז צוריק פארלוירן.
ווידער געפין איך זיך אין א פינצטערן טאל,
ווו עס זענען צעשפרייט זייערע ביינער, אן א סוף, אן א צאל,
און פרעג ווי צו זיך אליין:
שומר מה מליל? שומר מה מליל?
און ווען איך טו אין דער פינצטערניש זיך אזוי איינקוקן,
באמערק איך, ווי זייערע ביינער הייבן זיך אן צוזאמענרוקן
און איידער וואס־ווען, שוין ווידער
ציען זיי אויף זיך ארויף הויט און גלידער
און ביז איך טו זיך אריענטירן,
איז די גאנצע עדה ווידער גאנץ און הייבט אן מארשירן.
סליחה! סליחה! נישט זיי מארשירן
ווייל זייערע פוס־טריט טוען די ערד נישט בארירן.
עס הויבט זיך אן א שוועבענדע דעפילאדע, וועלכע קיין שום
אומה ולשון האט אזעלכעס נישט געזען,
ווייל ביי קיין איין פאלק איז אזא בראך נישט געשען..
דער ערשטער שוועבט מיין דארדיקער מלמד ר׳ משה הללס,
וועלכער האט דורות קינדער געלערנט די ערשטע תפילות –

ארומגערינגלט מיט א כאפטע קינדערלעך. און אויף איין האנט
דאס קלענסטע קינד –
די צאן קדושים וואס האבן נישט טעם געווען דעם טעם פון זינד.
ווייטער שוועבט דאס גאנצע שטעטל, ווי דו האסט זיי אלע געקענט
קיין איין פנים איז דיר נישט פרעמד.
זיי שוועבן געפלאכטן האנט אין האנט,
און אונטערשיד פון יחוס און שטאנד.
דא האבן זיך אלע אויסגעגלייכט
אלע האבן דעם העכסטן שטאפל פון קידוש־השם דערגרייכט.
אט זע איך מיין רבין, דעם וויעליפאלער צדיק מיט א ספר אין האנט,
א ספר, וועלכעס איז מיר אזוי גוט באקאנט.
דאס איז דאס מחזור פון די הייליקע טעג,
ווענעמס בלעטער מיט באכן טרערן פארפלייצן ער פלעגט.
און אזוי ווייטען אן א סוף שוועבט די גאנצע עדה
טאטע, מאמע, באבע, זיידע...
ווי פארשטיינערט טו איך זיך אין זיי איינקוקן
איך פיל, ווי אין האלדז פאנגט מיך אן צו שטיקן.
איך שטעל זיי אוועק די שאלה:
ווו אהין שוועבט איר אלע? מיט טענות צום בית דין של מעלה?
פון קיינעם האב איך אן ענטפער באקומען,
אלע זענען זיי ווי מיט זיך פארנומען...
דאן שטרעק איך אויס מיין האנט און וויל זיי אנטאפן,
אבער זיי גליטשן זיך דורך מיינע פינגער און לאזן זיך נישט אנבאפן.
מיט זייערע אויגן פרעגן זיי מיך: אין וואסער זכות ביסטו ניצול געווארן?
ווען ארום האט געפלאקערט דעם אשמדאים צארן,
ווען די פונדאמענטן פון דער וועלט זענען צעטרייסלט געווארן?
און איך פיל זיך ווי שולדיק וואס כ׳בין נישט מיט זיי צוזאמען
אוועק אין די אייביקייט, ווען די וועלט איז געשטאנען אין פלאמען.
און ווידער אמאל א שוידערלעך געשריי באגלייט מיט שאסן,
איך כאפ זיך אויף מיט א קאלטן שוויס באגאסן.
איך קוק זיך ארום
אין דרויסן איז נאך פינצטער אומעטום,
אבער מיינע אויגן וועל איך נישט פארמאכן
נישט בכוח דעם חלום נאך א מאל דורכמאכן.
און אזוי נאכט נאך נאכט, די זעלבע זאך:
איך בלייב ליגן מיט אפענע אויגן און קלערן
ביז עס גייט אויף דער מארגנשטערן
און ווי יעדן פרימארגן קער איך זיך צו גאט מיט א תפילה א שטילע:
– גאט, ווי לאנג נאך וועלן די רוצחים זיך דרייען אויף דער וועלט
און נישט ווערן פאר א משפט געשטעלט?
נעם גאטעניו דעם משפט אין דיינע אייגענע הענט,
זאלן די מערדער ווערן פון דיין צארן פארלענדט –

איז דאך דער לעצטער ווונטש פון די קדושים איידער זיי האבן אויסגעהויכט
די נשמה
געווען, דאס איינציקע ווארט – נקמה !
דעריבער רבונו של עולם, פארלענד די רוצחים ווו
זיי זאלן זיך נאר נישט געפינען
קיין איינער זאל פון דיינע הענט נישט אנטרינען!
מיט א פייערדיקן בעזעם זאלסטו זיי אפווישן פון דער וועלט
עס זאל נישט בלייבן קיין סימן פון רוצח'ס געצעלט.
און דאן שטעל זיך אויף פון כסא הכבוד, אל נקמות,
מאך א ווארע פאר די בלאנדזשענדע נשמות,
טרייסט זיי, זאג זיי: שטילט שוין אייער צארן.
דער לעצטער ווונטש וועגן נקמה איז שוין מקויים געווארן.
און דאן, ווען אויף די רוצחים וועט קומען זייער פארדינטע שטראף,
וועלן די נשמות זייערע תיקון געפינען און מער נישט
שטערן מיין שלאף.

געשריבן פון מענדל מאזעס
קרית שפרינצק, חיפה.

## דאס שטעטל בריגל אין שפיגל

בומער 1, יידן !

א.

יידן קליינע, יונגע, דערוואקסענע, עלטערע און אלטע,
יידן קינדער אין דעם וויגל,
יידן הייסע פאר ווענע און קאלטע,
יידן, אזוי זעט אויס דאס שטעטל אין שפיגל,

ב .

יידן רבנים, מלמדים און דיינים,
יידן שוחטים, שמשים און חזנים,
יידן חסידים און בני־תורה,
יידן אפיקורסים, האבן פאר גאט נישט קיין מורא,

ג.

יידן סוחרים און מוכרים פון נישט זייער סחורה,
יידן דלפנים און בטלנים, לעבן פון האפענונג צום ליבן בורא,
יידן מיט בערד און פאות א הדרת פנים,
יידן „דייטשן" פארגעשריינטענע, קולטורעלע, נישט קיין נאראנים,

ד.

יידן עמך פון א גאנץ יאר,
יידן, וואס דאס גאנצע יידישקייט איז ביי זיי נישט קלאר,
יידן פון דער פרייער פראפעסיע,
יידן וואס טאען מחלל שבת זיין בפרהסיא,

ה.

יידן, זייער פאך א סטאלער,
יידן, זייער פאך א צימער־מאלער,
יידן, זייער פאך א גלעזער.
יידן, זייער פאך א בעל בירער, שערער,

ו.

יידן פאך־לייט, א היטל־מאכער.
יידן פאך־לייט א בעזעם – און בערשטל־מאכער,
יידן פאך־לייט א זייגער־מאכער,
יידן פאך־לייט א בייטל־מאכער

ז.

יידן בעל־מלאכות א שניידער,
יידן בעל־מלאכות א שיסטער,
יידן בעל־מלאכות א בלעכער,
יידן בעל־מלאכות א זייפן־קעכער,

ח.

יידן צוקער־קיכלעך און בייגל־בעקער
יידן קצבים, פלייש־העקער,
יידן טשאלנט־ריקער און ברויט־בעקער,
יידן יידיש־פוילישע זעצער און דרוקער.

ט.

יידן זייער פאך א קירזשנער,
יידן זייער פאך א איינבינדער,
יידן זייער פאך א קאנדיטארן,
יידן זייער פאך א בוכהאלטערן,

י.

יידן דראזשקאזשעס, פיאקער,
יידן אייער־פאקער,
יידן א קאמאשן־שטעפער פון לעדער,
יידן אויך א פאכמאן – א בעדער,

י״א.

יידן – זייער פאך א קאלך־אייער־איינלייגער,
יידן זייער פאך א וואסער און מעל־טרעגער,
יידן זייער פאך א בעלי־עגלות, שפּיליטערער,
יידן זייער פאך א חדר־קינדער שרייבן־לערער.

י״ב.

יידן ציקערלעך און קארמעלך־פאבריקלעך,
יידן – א סאדע־וואסער פאבריקל,
יידן – א זייף־פאבריקל,
יידן – אן עסיק־פאבריקל,

י״ג

יידן !... יידן !... יידן !... אלץ יידן !...
און דאס אלץ איז אוועק !
איי, רבונו של עולם
ווי קומט נישט אויף אזא וועלט א סוף, אן עק?!

חיים בריגלער

## בריגל אין שפיגל

## נומער 2 · יידענעס

א.

יידענעס רביצינס אין שביעס־קעפלעך,
כלה־מיידלעך מיט געפלאכטענע צעפלעך,
יידענעס דעם קאפ געשוירענע, אין שייטעלעך,
יידענעס אין אייגענע האר, געצירט אין גאלדענע קייטעלעך,

ב.

יידענעס פון פאך א קינדער־הייבאם
כלה־מיידלעך – פון פאך פראשעניעס און מעטריקעס־שרייבערינס
יידענעס פון פאך א באד־טיקערין,
יידענעס פון פאך א גענדז־פליקערין,

ג

יידענעס שניידערינס פון געוויינלעכע קליידלעך,
כלה־מיידלעך שניידערינס נאר פאר עלעגאנטע מיידלעך,
כלה־מיידלעך פארהאנגען־שטריקערינס,
כלה־מיידלעך מאנאגראם־העפטערינס,

ד.

יידענעס – פוטער – אייער – פליש – הינער און גענדז שמוקלערינס,
יידענעס אויף ירידים און מארק־קרעמערינס
יידענעס טייג אויף מצה־קנעטערינס,
יידענעס און מיידלעך מצות־זועלגערינס,

ה.

יידענעס ועש־ביטארינס,
יידענעס – אויף חתונה־קעכערינס,
יידענעס אוגערקעס, עפעלעך און קרויט איינזייערינס
יידענעס – באבעס און ארבעס זידערינס.

ו.

יידענעס זייער זארג די שטוב, געשעפט און קאך,
יידענעס, אויך פרנסה איז געווען זייער יאך,
יידענעס, ביי זיי איז געווען פאראנען קארטאפל מיט קרויט,
יידענעס וואס האבן נישט געהאט צו קויפן פאר די קינדער א ביסן ברויט.

ז.

יידענעס, פאר די קינדער געטאן די גרעסטע באמיאונג,
יידענעס אלץ פאר די קינדער, זיי זאלן קריגן א יידישע דערציאונג,
יידענעס אין דעם יידישן לעבן און אנטייל גענומען.
יידענעס! יידענעס! אלע מיט א מאל אוועקגעקומען.

ח.

און דאס אלץ איז מער נישטא! און וועט שוין מער נישט זיין!!!
די דייטשן און פאליאקן האבן געמאכט בריגל ,,יודערן־ריין"
און פון אונדזערע הייליקע מאמעס און שוועסטער איז נישט געבליבן קיין מצבה, קיין געביין
זאל שוין אויף בריגל מער נישט אויפשיינען די זונען־שיין.

ט.

איי, רבונו של עולם, א שוידער! א ציטער!
אזא פארדארבענע מיאוסע וועלט! אזוי ביטער!
אלמעכטיקער גאט! שערק ! ! !
זאל קומען אויף אזא וועלט א סוף! אן עק ! ! !

חיים בריגלער

בריגל אין שפיגל

## נומער 3. יונגעלייט אין שטעטל

א.

א סך, א סך פארשידענע יונגעלייט
חתונה צו האבן שוין פון לאנג אריבער די צייט,
אבער אויף דעם דארף מען אויך געלט האבן
וואס טוט מען? באטש נעם מיט דער באז די ערד גראבן

ב.

פריילינס חסידישע, עמך'דיקע, פארשטענדלעכע, אינטעליגענטע - מען קאן זוכן א חתן.
אבער וואס קאן מען טאן - עס פעלט די הויפט־זאך, עס איז נישטא קיין נדן
אמת, זיי דארפן שוין פון לאנג האבן א מאן
באנוגענען זיי זיך דערווייל לייענענדיק א פוילישן ראמאן.

ג

בחורים חסידישע און בטלנים - קיין אויסוועג אין זייער לעבן
געזעסן ביי דער גמרא און געדאגעט און אין געטלעכקייט געטאן שוועבן
בחורים פארגעשריטענע און פראסטע, זייער לעבן וואס באדייט
א טייל געלעזן ביכער, א טייל געשלונגען שפייעכץ, אבי עס זאל אוועק די צייט

ד.

דערוואקסענע און כלה־מיידלעך
געטאן אלץ אבי נאר ארויסצוגיין אין שיינע קליידלעך
נישט וועלן וויסן און פילן וואס ביי זיי טוט זיך אין מאגן
די הויפט־זאך: וואס וועט מען אויף זיי אין גאס זאגן

ה.

אזוי האפנונגסלאז אלע צוזאמען
צו וועמען זיך ווענדן, וואס קאנען טאן טאטע־מאמע?
דערווייל האט געשטופט דער טאג דעם מארגן
און אלע זענען געבליבן זיצן אין זארגן,

ו.

א קליינער טייל האט אנגעהויבן וועגן תכלית קלערן
אוועק מיטן שטראם צום נייעם משיח און זיך געבוקט צום רויטן מארגנשטערן.
און נאך א טייל, שוין מער אין צאל
זייער אויסוועג איז געווען ארץ ישראל.

ז.

ליידער זענען כמעט ווי אלע אוועקגעקומען
ווער פון פייער, ווער אין וואסער אוועקגעשווימען,
מען ווייס אפילו נישט ווו עס זענען זייערע ביינער
נישט געבליבן קיין מצבה, קיין שטיינער

ח.

און דו רבונו של עולם קוקסט זיך צו צו אזא וועלט
און איך שריי! און שריי פאר וואס? און שעלט
זאל בלייבן אויף אייביק די וועלט אין שאנד און אין פלעק
קומען אוי !! זאל קומען אויף אזא סארט וועלט א סוף און עק ! ! !

חיים בריגלער

## נומער 4. קינדערלעך אין שטעטל

**א.**

קינדער ערשט פריש געבוירן
צו די אכט טעג די טרייַשאַפט דעם פאַלק געשווירן
קינדערלעך נאָר וואָס פון וויגל אַרויס
שוין געריטשט אויפן אונטן זיך שפּילן אַרום דעם הויז.

**ב.**

קינדערלעך, וואָס ביי זיי קיין סך צייט האָט נישט געטאָן דויערן
און צום אלף־בית זיי די הערעלעך אָנגעשוירן,
קינדערלעך, וואָס זיצן נאָך אויף די באָבעס און זיידעס שויס
שוין פאַרפלייצטעט שבת צו גיין אין בית מדרש, אין קלויז.

**ג**

קינדערלעך מיט רויטע בעקעלעך
קינדערלעך מיט לאַנגע פּאות שייַנע לעקעלעך,
געשפּילט זיך אין באַהאַלטלעך אין די הייזער־טירען פון גאַס
אַזוי האָט אויך געהילכט די שפּיל אין „קלאַס”

**ד.**

ביי יעדן שפּיל זיך געשטרייט און געדונגען,
דרייענדיק דעם שטריק אים איבערשפּרינגען.
זיך צונויפגענומען פּאַטשן מיט די הענט און זינגען
אין הימל אַריין האָבן זייערע קולות געקלינגען

**ה.**

שלמהלעך, משהלעך, יעקעלעך, געשפּילט אין פּאַלעסטער
מיט א לאַנגן בעזעם שטענדיק און א קורצע ציִרקע
און א פּוסבאַל שפּיל פון א שמאַטע, א שטשירקע
שרהלעך, גאָלדעלעך, פייגעלעך מיט דעם שטרולקעס־שפּיל זייערע שוועסטער.

ו.

און אזוי זענען אוועק די קינדער־יארן
איינגעשרומפענע, פארדארטע פיגורן
איינצלנע אין שווילטאג געווארן רייף פריצייטיק
דער גרעסטער טייל אין פיין, אין נויט, אין ווייטיק.

ז.

ביז צו די 13 יאר אין חדר אדער אין שולע געבליבן זיצן
אלע זיך אויף די עלטערן געטאן שטיצן,
די עלטערן וועלן פאר זיי זארגן
סאטע־מאמע באשליסן דעם תכלית פון זייער מארגן.

ח.

אין אזא נעפלדיקער אטמאספערע זענען די קינדער־יארן אוועק
אן איין חטא, אן א זינד, אן א פלעק,
מיט דער צייט האבן זיי אנגעהויבן קלערן
קומען יארן, מען וועט זיך דארפן אליין דערנערן.

ט.

נו! נו! נו! וואס טוט מען מיט זיך?
פאר מיידלעך איין אויסוועג: העלפן אין מסחר אדער אין קיך,
פאר יינגלעך: שניידער, שיסטער, היטלמאכער – קיין אנדער פאך קיין בערוף,
א! ווי גרויס! פאר וואס אזוי גרויס די שטראף

י.

און אזוי איז די יוגנט אריין אין ראנגעלניש פון לעבן
צווישן הימל און ערד האבן זיי געטאן שוועבן
אן א צוקונפט, אן א וועג אין זייער האריזאנט
אזוי ווי א פליג אין דער נעץ פון א שפין־וועבעכץ אין פלאנט.

י"א.

און איר דייטשן האט די קינדער לעבעדיקערהייט אויף שטיקער צעריסן
איר האט אזוי שווידערלעך דאס יידישע קינדער־בלוט געטאן פארגיסן,
אהה! איר ווילדע חיות זייט ערגער פון פערד, פון הינט
אפילו די חיות האבן פארשטענדעניש, א געפיל פאר א קינד.
אהה! איר פילאזאפן, מוזיקער, פאעטן און שרייבער
די ערד זאל אייך ארויסווארפן פון אייער קבר

י״ב.

אהה! איר כלורמשטע קולטור־טרעגער
איר זייט ערגער ווי היצלעס, הינט־שלעגער
מיט ,,ווידער גוטמאכונג״ ווילט איר אייך אויסקויפן, אזוי טוט איר דענקען,
אבער נישט דאס יידישע פאלק! ווי א משכן וועט מען אייך דאס קיינמאל
נישט שענקען.

מיט ,,ווידער גוטמאכונג״ ווילט איר אייך אויסקויפן, אזוי טוט איר דענקען,
אבער נישט דאס יידישע פאלק! ווי א משכן וועט מען אייך דאס קיינמאל
נישט שענקען.

איר האט אייערע פארדארבענע מוחות און הערצער אויפגעדעקט
אויף אייביק אויף אייביק! וועט אייער געדעכעניש אין דער היסטאריע בלייבן
פארפלעקט.

חיים בריגלער

נומער 5. דאס שטעטל אויפן ברעטל

א.

דער צענטער פונעם שטעטל, דער מארק
אויסגעפלאסטערט מיט שטיינער ווילדע,
גייענדיק אויף אים האט מען געקאנט ברעכן דעם קארק
ארום אים יידישע הייזער און צוויי גויאישע,

ב.

פונעם מארק און זיינע פיר קאנטן עקן
האבן זיך ווי א ריש צוויי גאסן אויסגעצווייגט
די באכניער גאס ווייטער גיין פונעם מאגיסטראט האבן יידן זיך געטאן שרעקן
און די בית־הקברות־גאס מיט אירע לוויות זיך אויסגעצייגט.

ג

אין דער צווייטער זייט דאס געסל פון פיר הייזער און די שול ווי־זא ווי
לעבן איר אויסגעדרייט מנשה־דיינס גאס אין ווינקל,
און דאן נאר פעלדער, לאנקעס ווו עס האבן געפאשעט קי
אין די צוויי געסלעך איז תמיד געווען טונקל

ד.

און דער טראץ האט זיך געענדיק ביים הויכן יצחק אין דער דריטער זייט
אין דער גאס דער איינציקער גויאישער סאיעס רעסטאראנט
און דאן דאס געסל מיט דעם בית־מדרש פון ר׳ אפרימל זאל זיין אפגעשיידט
אין דער טראץ־גאס האט געוווינט ד״ר בז׳עסקי מיט זיין ענדעקישן פארבאנד.

ה.

אין ווינקל פון דער פערטער זייט איז געשטאנען דער קאשטשאל, די „טמא״
און דאס איז די הויפּט־גאס יאגעלאנסקי,
אין דער זייט די חסידים שטיבל־גאס מיט אירע מתפּללים די פרומע,
אין דער צווייטער זייט פון קאשטשאל די גאס פון רעביצקי.

ו.

דאן די גאס פון מעשעלע די בעקערין ביז צו דער זשעקע מיטן בערגל העכער
און ווי־זאָ־ווי די זיעלאנע־גאס און איר קאנט יאנקל בלעכער,
ווייטער די יאדאוניקער גאס – זיי זענען געווען תמיד פאר די יידן א פּלאג
צוזוויגט פון איר די סלאטווינער גאס, גייענדיק צו דער סטאציע, צום צוג.

ז.

דער קליינער מארק פון גאלדמאנס הויז צעטיילט אויף צוויי'ען
און די שורה הייזלעך פון זעלענגוט, שמעון לייב מלמד, און חיימלע דיין,
דא האבן זיך אנגעהויבן די געסלעך פון די שצאנקע
און זיך געענדיק ביי שבנא בעל־הבית אין די לאנקע

ח.

די שצאנקע מיט אירע געסלעך שמאלע
זי האט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע מיסט־קאסטנס פולע
ביי זיי איז געזעסן און פון זיי געגעסן די משוגענע דובה די שטומע
אין שמואלעכל מלמדס גאס און אין מיטן וועג די קליינע ברונע,

ט.

אין די הילצענע הייזלעך האבן געוואוינט דאס רוב אין איין צימער טיר ביי טיר
דארט האבן זיך די ערשטע יוגנטדראמאנען געטאן שפּינען צווישן אים מיט איר
הייזלעך באלד ביז צו די פענצטער איינגעזונקען און איינגעבויגן
דארט האבן בריגלער יידישע מאמעס זייערע קינדער דערצויגן.

י.

די „האקוועקע״ ווו ראמאנטישע פּארלעך זיך באהאלטן, נישט צו כאפּן אויף
זיי קיין בליק.

און די זעקס יידישע משפּחות האָרט לעבן דער יאדאוניקער בריק,
און דער בהמות – פערד און חזירים־פּלאץ אין שטעטל אריין צוריק
און די קינדער־שולע און לעבן איר יחיאל פעפערס מארמאלאדע פאבריק.

י״א.

דעם „דאם לדאווי״ נישט ווייט פון בית הקברות אוועקגעשטעלט
ווי צו אונטערשיידן פון די וואס ווילן די וועלט און די וואס האבן יענע וועלט
דאן די יידישע הייזלעך צנעויפגעקוועטשט מיט פאנצערס הייזל געפארבט ווייס־רויט
און אויפן היי־פלאץ אסתר מירלס געשעפטל אין איר בויט.

י״ב.

די גאס פון משה הללס די יאצקעס און... דער סופר
און דער פיש־פלאץ מיט זיינע פיש־פארקויפער,
און א ביסל העכער דער קאלעך־לעשער און מאטל בלעכער
און דאס ביסל יידן ארום די אקאצימער בריק מיט פייביסאווינצן דעם קישקעלע־מאכער.

י״ג

אין די גאס מיט דער תלמוד־תורה און דער רב פון שטאט
דאן דאס געסל מיט דעם שטאטישן בית מדרש אין דאס יידישע באד
אין דער זייט דער טצבאוער בעקער אין שפיציקסט דאך הייזל
אין דער צווייטער זייט דער ווילעליפאלער רב מיטן חסידים קלייזל

י״ד.

און איר דייטשן האט דאס שטעטל נישט ווי אין א קריג פארברענט
באר בלויז די יידן געפייניקט, געמארדעט, געשאכטן, געהאנגען און געשאסן
און מיט דעם האט איר אייך פון דער מענטשהייט אויסגעשלאסן
קומען זאל דער טאג און איר זאלט ווערן פון דער וועלט אין גאנצן פארלענט

חיים בריגלער

/ יעקב סיקא /

ביום בית ישראל אבל

הגיגים

– ליום השואה והגבורה –

ואבוי!
כי נתלקטה מסביבה חבורה,
מאירופה, מסדום סערה:
אשכנז, וטבטון, וגרמן,
פלטו מן פיהם כבשנים
– תמרות אש אוכלה!
מכלה!!
כלה!!

אבוי!
כי יצאה הלילית מחשכת מאורתה,
ממערת פריצים.
עטתה לה צלמות – עדי־רוח תזיתה
– אם כל אגדות מוטה.

„תפת, תפת, הפתח!
גיהנום, השער פתח,
תנור אשך, הפח, הקדה,
אש, קושש, בקש, הגש,

- בית כל יודן ישרף!
לילית צותה על אש: אכלי
אכלי עד בלי די.
כלי.
כלי כל חי!"
נאום בת אשמדאי!

ובצאתה ממאורתה,
מברלין בירתה,
בסדום – אירופה שוטטה.
בימין עזה – מגל דמים
- צלב הקרס,
אהה צלמות!
בבית חזה, כבשן אימים,
- מחנות מות!
- - - - - - - - - - -
- - - - - - - - - - -

אז,
הט אזן בני,
הסכיתי בתי,
אז ייבש נחל־אב,
עלעל, חיים תאב
לב עמי - יער אל שלבלב

בדם נכתם
נקטם,
במות נחתם!!!
- - - - - - - - - - - -
- - - - - - - - - - - -
וכבסלם שהציב לאבי יעקב
אמלט לשמי־אל־כוכבים רחוקים
אל כוכב „שבתי" אנוס מן החלד
שם אנהם ואזעם וארעם על מות ילד,
ואצעק ואנאק ואזעק: בואה מות
קום!
אבדן וחרבן חתה על ראש היקום
בל יקום
כי ראה עולם־זד ביתי בהשרפו,
עץ על פריי בהכרתו,
הן מאלם שפתו זעקה שמחתו
ביום בית ישראל אבל
- - - - - - - - - - - -
- - - - - - - - - - - -
על נהרות בבל

נתפרסם ב„ארץ ישראל" ניסן תשל"ג
אפריל 1973

## אונדזער יידיש שטעטל איז מער נישטא!

### א.

איר הערט? אונדזער יידיש שטעטל איז מער נישטא!!!
איר הערט? אוי!!! דאס וועט שוין מער נישט זיין.
איר הערט? פארשאלטן זאל ווערן די שעה!
איר הערט? געשענדעט, געשפאט, פארניכטעט זייער גוף, זייער געביין!

### ב.

איר הערט? איר הערט דאך נישט!!! איר הערט דאך נישט!!!
איר הערט? אונדזער שטעטל איז געווארן אפגעווישט!
איר הערט? פון די ערד־טיפעגישן שטרעקן זיך אויס הענט און שרייען נקמה!!!
איר הערט? צי זענען ביי אייך פארסאמט געווארן אייערע הארצ און נשמה?

ג.

איר הערט? וואס טוט זיך מיט אייך? וואס טוט זיך מיט אייך?
איר הערט? אויף זייער חשבון זענט איר געווארן רייך!
איר הערט? עס רעדן צו אייך אייערע מאמעס וואס האבן אייך געבוירן און דערצויגן,
איר הערט? צי ביי אייך זענען פארלאשן געווארן אייערע אויגן?

ד.

איר הערט? עס שרייען צו אייך קינדער וואס זייערע קעפ זענען געשפאלטן געווארן
אן די מוירען,
איר הערט? צי פארשטאפט געווארן זענען אייערע אויערן?
איר הערט? עס איז אייך אוועקגעקומען אלץ?
איר הערט? צי פארוואקסן זענען געווארן אייערע הערצער פון פיל, פיל שמאלץ.

ה.

איר הערט? איר און אייערע קינדער טאען זיי שוין נישט מער געדענקען,
איר הערט? אויב אזוי – ווער וועט אייך אייער לעבן אין לאגד שענקען?
איר הערט? אויב איר ווילט רעטן אייער לעבן, מוזט איר אין אייערע עלטערן קלעבן,
איר הערט? און אויב יא, מוזט איר אייך א גוטן דין וחשבון אפגעבן.

ו.

איר הערט? באלד וועט דער זייגער אויסקלינגען די צוועלפטע שעה,
איר הערט? באלד וועט איר זיך ארומקוקן און זוכן ווער פון אונדז איז נאך דא.
איר הערט? וואכט אויף צייטיק און נעמט אייער גורל פון לעבן אין אייערע הענט,
איר הערט? נאר דאן וועט אייער רעכט צו לעבן פון דער וועלט ווערן אנערקענט.

ז.

איר הערט? צי זייט איר געבוירן מיט א קאצן־זכרון?
איר הערט? צי ווילט איר טאקע עס זאל פון זיי נישט בלייבן קיין געדעכעניש, קיין
שפורן?
איר הערט? אויף דעם דארפט איר ענטפערן אליין
איר הערט? דאס איז דער צייכן, צי איר ווילט עקסיסטירן צו נייץ?

ח.

איר הערט? איך ווענדע זיך צו אייערע מתים: וואכט אויף! וואכט אויף!
איר הערט? מיט זיי צוזאמען וועל איך קעמפן קעגן ביליקן אויספארקויף.
איר הערט? צי עס איז א שאד מיינע ווערטער?
איר הערט? איך וועל אייך נישט לאזן רוען אין אייערע שווילטאגיקע ערטער.

ט.

איר הערט? עס קומט דער טאג פון אויספיר די ריכטיקע שטראף פאר זייער היסטארישן טאט שאנד

איר הערט? אפגעמעקט פון דער ערד, פון וועלט־קוגל וועט ווערן דאס פאלק און דאס לאד, דייטשלאנד.

איר הערט? זיי וועלן צעשמאלצן ווערן פון וואסערשטאף באמבעס און אטאם

איר הערט? בלייבן פון זיי וועט ווי וואסער אין ים מיט זיין שטראם,

י,

איר הערט? אונדזער פאלק איז אנטשטאנען ווען מיר האבן איבערן ים געטאן שפאנען

איר הערט? אונדזער תורה ,,נעשה ונשמע" האבן מיר באקומען אין פייער און פלאמען

איר הערט? און ווי מיט עמלקן ימח"ש, האבן מיר סוף־סוף די קריג געווינען,

איר הערט? און ווי בלעם צו זיינער צייט, וועט די פארפרילטע וועלט מיט אונדז איינשטימען.

י"א

איר הערט? איר בריגלער מתים, ווי מען האט אייך גערופן, מתים פון בריגל,

איר הערט? איר קערט צוריק צו אייערע מאמעס, צו אייער קינדער וויגל.

איר הערט? רייסט נישט! רייסט נישט די היסטארישע קייט

איר הערט? ווייל מיר זענען מער ווי אלע פעלקער

י"ב .

איר הערט? ווי די צוועלף שבטים אין דעמאלטדיקער צייט

איר הערט? וועט אונדזער לעבן און פאלק דא, אין ישראל ווערן באנייט,

איר הערט? דא, אין ישראל וועלן מיר שאפן אונדזער לעבנס־זיכערקייט.

איר הערט? נאר דא, אין ישראל, אויף לעולם ועד פון איר נישט ווערן געשייט,

ב"ה ו' תשרי תשל"ח
18.9.19777

חיים בריגלער

## תפלה מגיא צלמות

כיונק, שדי אם אוהבת

*

אל אבן־שואבת
נמשך אני עדיך
אל
ואיחל
כפרפר, אלי שלהבת

האל,
מסערות סופה
מיערות אימה
מתאי המות
בסדום אירופה

מגיא צלמות
שועתיך
מתהומות דמים
ממוראות אימים
ממעמקים קראתיך :
אל נקמות ישראל
עורה
עורה
הופיע !
קמים אכלוני - כלוני הבריע
אוללימו - בדם הטביע
השחיתמו !

* * *

אל אבן שואבת
נמשך אני עדיך
אל

ואיחל
כפרפר אלי שלהבת
כיונק־שדי־אם־אוהבת
נמשך, מיחל ו...נשרף
נשרף - באש אהבת אלהים
נשרף באש שנאת הגויים !
- - - - - - - - - - - - - - -
אלי, אלי, מבית המות שמע קולי
אלי, אלי, מגיא צלמות קום עור אלי
אני נשרף
ומתפלל
אני נטרף
ומיחל
מגיא צלמות
אליך אל

ל. בתשרי תשל״ט
20.10.78

## בריגל רופט צו אייך!...

### א.

בריגל שרייט צו אייך : איר אויסגעקנוויטענע פון שבתדיקע חלות.

בריגל רופט צו אייך : עס זענען פארשוואכט געווארן אייערע מאמעס, יונגע שוועסטערלעך און כלות.

בריגל שרייט צו אייך : אייערע טאטעס, ברידער און פריינד זענען געווארן פארברענט.

בריגל רופט צו אייך : אייערע הייליקע ספרים, בתי־מדרשים, אינסטיטוציעס, זענען פארלענדט.

### ב.

בריגל שרייט צו אייך: איר און אירע מקוות אויסעוויקט געווארן

בריגל רופט צו אייך : ווי קענט איר דערלאזן עס זאל פון זיי נישט בלייבן קיין שפורן

בריגל שרייט צו אייך : איר זענט מענטשן מיט קאפ און הארץ, צי ראבאטן, טויטע פיגורן.

בריגל רופט צו אייך : ווער פון אייך איז גרייט צו טאן בריגל אזא עוולה, אזא צארן?

ג

בריגל שרייט צו אייך : מיר זענען די טויטע? עס לעבט און לעבן וועט
אויף אייביק אונדזער נשמה.ויטע?

בריגל רופט צו אייך : איר זייט די לעבעדיקע? איר טוט זיך פארוויילן,
שפילן קארטן און די מ״ט שערי טומאה.

בריגל שרייט צו אייך : מיר זענען נאר די קרבנות פאר אייער שווילטאג
פון כלומרשטן זיג

בריגל רופט צו אייך : איר זייט די געווינענע – אויף אונדזער חשבון דער קריג.

ד.

בריגל שרייט צו אייך : מיר זענען שוין פארגעסן געווארן ביי אייך אין גאנצן

בריגל רופט צו אייך : איר פראודעט פעסטיוואלן, סילוועסטער־אוונטן און טאנצן

בריגל שרייט צו אייך : מיר זענען פארוואנדלט געווארן אין שטויבן־פּוצער
און בארשטן פון אונדזערע האר

בריגל רופט צו אייך : איר וואשט זיך ריין מיט די זייפן פון אונדזערע קערפער
מוזולמאנען פיגור.

ה.

בריגל שרייט צו אייך : מיר, צעריסענע, פארפוילטע, וועלן ווידער וואקסן ווי שוואמען

בירגל רופט צו אייך : איר, אין אזא קורצער צייט געדענקט שוין נישט אין אייערע
טאטע־מאמע.

בריגל שרייט צו אייך : מיר וועלן אויף דעם וועלטס געוויסן און היסטאריע
א פלעק תמיד בלייבן.

בריגל רופט צו אייך : איר מיט אייער סטיל לעבן – ווער וועט אויף אייך
אן אות שרייבן.

בריגל שרייט צו אייך : אוי! ווי עס ווייטיקט, עס טריפט, עס טראפט דאס בלוט פון
הארץ.

בריגל רופט צו אייך : אוי! אונדזערע קינדער באלעווען אן א קרעכץ, אן א שמערץ

בריגל שרייט צו אייך : אוי־ווויי! וואס איז מיט אייך געשען?

בריגל רופט צו אייך : ווער פון אייך וועט ענטפערן אויף דעם.

ז.

בריגל שרייט צו אייך : בריגל, וואס איז געווארן פון אייך אפגעשיידט

בריגל רופט צו אייך : בריגל רופט צו אייך, דערווייטערט זיך נישט אזוי ווייט!

בריגל שרייט צו אייך : וואכט אויף איר טויטע! לעבעדיקע עס איז נאך צייט!

בריגל רופט צו אייך : פלעכט און שפינט אויס אייער טאטע־מאמע לעבנס־קייט !

געשריבן פון חיים בריגלער
יום ב׳ ח׳ בשבט תשל״ח
16.1.78

## מדור דמויות בעיירה
## געשטאלטען אין שטעטל

### דער נאמען, די פראפעסיע

זעלטן האט זיך געהערט אין די יידישע שטעטלעך אין גאליציע א נאמען פון אן יידישער משפחה זאל טראגן דעם קלאנג פון סלאווישע שפראכן. נאר דעם סוד פון וואנען און פאר וואס אונדזער משפחה־נאמען איז געווען „ספיוואק", האבן מיטגענומען מיט זיך מיינע עלטער־עלטער זיידעס.

און ווי געזאגט, איז אונדזער משפחה־נאמען „ספיוואק" - דער זינגער, הזמיר, החזן.

דער טאטע מיינער, מנשה־יחזקאל, ז"ל, איז געווען דער חזן אין שטאטישן בית מדרש. דער שטאטישער בית מדרש האט אין זיין צייט זיך גערעכנט אלס דער ערזאץ פון דער שטאטישער שול, וועלכע איז אפגעברענט געווארן אין דער שריפה וואס האט אפגעווישט דעם גרעסטן טייל פונעם שטעטל. און נאך דער שריפה, ווען די יידן פונעם שטעטל האבן צוריק אויפגעבויט זייערע הייזער, האבן זיי אויך אויפגעבויט די שול, אבער זיי האבן זי נישט באוויזן צו פארענדיקן. און אזוי, אין ווייסטע ווענט, אן א דאך, איז זי געבליבן שטיין לאנגע, לאנגע יארן. מיט דער צייט האט די יידישע קהילה אויסגענוצט אויף צייטווייליקע באדערפענישן צוויי צימערן. איין צימער האט געדינט אלס ביורא פון דער יידישער קהילה. דער סעקרעטאר פון דער יידישער קהילה איז געווען קלאפהאלץ'ס איידעם, קלאפהאלץ אליין איז געווען לאנגע יארן ראש הקהל, ביז עס איז געקומען אויף זיין פלאץ דער דאקטאר, אדוואקאט דייכעס. אין דעם צווייטן צימער איז געווען דאס „קהל שטיבל", ווו עס האט געדאוונט דער פראסטער עולם פון מנשה־דיינס גאס און פון דער קבורעץ גאס און א טייל פונעם „טראך". אין דעם קהל־שטיבל איז געווען חזן דער קריניצער מלמד. ער האט געהאט זיין חדר אין שפילמאנס הויז, אין קעלער. נאר אזוי ווי די רעגירונגס געזונטהייטס־אמט האט נישט דערלויבט די קינדער זאלן לערנען אין קעלערס, האט ער געקריגן א דערלויבעניש איבערצופירן זיין חדר אין קהל־שטיבל אריין, טאקע דערפאר, ווייל ער איז געווען דארט חזן.

אויך ישראל מאנעס האט געלערנט מיט די דערוואקסענע יינגלעך אין וואלף לויבס בית מדרש ווי ער איז געווען לאנגע יארן דער חזן, מען דארף אויך אונטערשטרייכן, אז פיל גוטע בעלי־תפילות זענען געווען אין שטעטל. די מלמדים, בצלאל יעקל־דודס, מאנעס בער און דער „לאבעווער" און אויך פיל אנדערע, זענען געפארן אין די ארומיקע דערפער פונעם שטעטל זיין חזנים אויף די ימים נוראים.

אויך פון דער יינגערער גענעראציע זענען געווען פיל גוטע זינגער: זלמן מנשה־שוחטס - ער איז געווען משורר ביי זיין טאטן אין חסידים־שטיבל.

נאך בעסער און חשובער פון אים איז געווען מענדעלע שיף, מיט זיין באוווסטן באבעווער „מה אשיב לה'" פון „הלל". נאך בעסער און העכער איז געשטאנען הערש יוסף לאנדוי. ווען ער איז אהיימגעקומען פון דער ישיבה צום סדר אויף פסח, איז ער געגאנגען מיט זיין פאטער משה־דוד לאנדוי צום חסידים־טיש ביי ר' אפרים'ל און אין אזא פסחדיקן יום־טוב־טאג האט זיך צונויפגענומען א גרעסערער עולם און יידן האבן מנדר געווען עטלעכע צענדליק זלאטעס און מען האט געבראכט עטלעכע ליטער מעד, און דער עולם האט זיך משמח געווען. דאן האט ר' אפרימל געזאגט תורה. ענדיקנדיק

זיין תורה־זאגן, האט דער עולם אויסגעשריגן: הערש יוסף! הערש יוסף!... און ביי הערש־יוספן איז שוין געווען א חזקה צו זינגען „כולו באה, כולו יאה" פון דער „אגדה".

א זעלטענער זינגער איז געווען משה בריגלער. אין שטעטל האט מען אים גערופן משה יענקל־דודס, אדער נאך בעסער – „דער רויטער משה", ווייל אזעלכער איז ער געווען. נאר אזוי ווי די גאנצע משפחה איז אריבער קיין טארנע און דארט איז ער געווען א באבעווער חסיד, און זיי האבן אים גערופן משה בריגלער און ער איז געפארן צום באבעווער רבין אויף יום־טוב, ווי אלע אנדערע ייִנגלעך און בחורים.

עס איז צו באמערקן, אז דעם באבאווער רב האט מען באצייכנט אלס דער רב פון דער יוגנט. אין באבאו איז געווען א מנהג, ערב־יום־טוב, פאר אוונט, איידער מען איז געגאנגען צו קבלת יום־טוב, זענען אלע געקומענע קיין באבאו געגאנגען געבן שלום דעם רבין. געבנדיק שלום דעם רבין, האט יעדער איינער געזאגט זיין נאמען און אנגערופן די שטאט, פון וועלכער ער איז געקומען. און דער משה האט געזאגט זיין נאמען אזוי, ווי מען האט אים גערופן, משה בריגלער – און אזוי איז זיין נאמען פארבליבן.

נאך זייענדיק א קליין ייִנגעלע האט ער זיך אויסגעצייכנט אלס זעלטענער זינגער. דאן, ווען ער איז געקומען קיין באבאוו, איז ער געווען איינער פון די בעסטע משוררים און אויך א העלפער פון שאפן די חסידישע ניגונים און תפילות, וועלכע האבן זיך פארשפרייט אין גאנץ פוילן, ביי דער יידישער באפעלקערונג.

עס איז כדאי צו דערמאנען, דעם זכרון פון דעם באבאווער רב, מיט דעם שלום געבן דעם רבין און זאגן דעם נאמען פון דער שטאט, האט דער באבעווער רב באוויזן זיין פענאמענאלן זכרון. ווען ער האט געטיילט שיריים, האט ער אויסגערופן איעדערן מיט זיין נאמען און שטאט, און דאס האט געמאכט א רושם אויף די חסידים און זיי האבן פיל פון דעם וווּנדער גערעדט.

איך דערמאן זיך אין דעם גאנץ יונגן פאלקסטימלעכן זינגער אין יידיש – אין שטעטל האט מען אים גערופן טוביה טיסטע. מיט זיין זינגען פלעגט ער ארויסרופן א שטארקן מיטגעפיל ביי אלע, וואס פלעגן אים הערן. ער פלעגט זינגען לידער פון אברהם רייזען, משה נאדיר, מרדכי געבירטיג און אויך פיין פיל אנדערע. פון וואנען און ווי אזוי זענען געקומען צו אים די אלע לידער און מעלאדיעס? דאס איז געבליבן זיין סוד. ספעציעל איז צו באצייכענען זיין אופן פין זינגען „מא קמשמע לן ?"

אחרון אחרון חביב: דער בארימטער וועלט־חזן יאסעלע ראזענבלאט. ער איז געווען דער איידעם פון ר' יידל שוחט, איינעם פון די בעסטע און חשובסטע יידן אין בריגל. און אט איז אויסגעוואקסן ווי פון דער ערד ארויס די ריזן־אטראקציע: יאסעלע ראזענבלאט קומט קיין בריגל. עס איז באוווסט געווארן דער טאג און שעה ווען ער קומט אן אין שטעטל. עס האט זיך געשאפן אן ערב־יומטובדיקע שטימונג: א קלייניקייט, יאסעלע ראזענבלאט קומט קיין בריגל.

שוין פאר־נאכט איז זיך צונויפגענומען א האלב שטעטל און געווארט, ביז מרדכילע דער פיאקער פון די חסידים האט אים געבראכט פון דער באן. דער זייגער איז שוין געווען באלד 11 ביינאכט, אבער קיינער האט נישט פארלאזט דעם פלאץ, דאן האט מען געעפנט די פענצטער ביי ר' יידל שוחט און יאסעלע ראזענבלאט האט זיך געשטעלט ווי אין פענצטער און געזונגען זיין באוווסטן „עקביא בן מהלל אומר".

דער זכרון מיינער פירט מיך צוריק אהיים. מיר האבן געוווינט אין דער בערעק יאסעלעוויטש־גאס. דאס איז געווען די איינציקע גאס אין שטעטל, וואס האט געטראגן א יידישן נאמען: „בערעק יאסעלעוויטש". ער האט זיך אפילו פארדינט ביי

די פאליאקן זיי זאלן רופן א גאס אויף זיין נאמען. איין קליינקייט! ער האט געקעמפט און געאפפערט זיין לעבן פאר דער באפרייונג פון פוילן אין יאר 1831. און די יידן אין שטעטל האבן געאכטעט די גאס און זיך באצויגן מיט כבוד צו איר נאמען.

,,צחוק הגורל" פאר א קעמפער פאר די פוילישע באפרייונג און אויך אנדערע קעמפער. און דאס ,,מין" האט נישט געפעלט אין דער יידישער גאס. אוי! פאר די אלע האבן די יידן געהאט א פארשטענדעניש, נאר נישט פאר קיין קעמפער פאר זייער אייגענער יידישער באפרייונג.

אונדזער שטוב איז אויסגעקומען קעגנאיבער דעם חסידישן שטיבל, אבער דער טאטע מיינער האט דארט קיינמאל נישט געדאווענט.

דער זכרון מיינער פירט מיך צוריק אהיים און נאך היינט שטייט פאר מיינע אויגן דאס בליד פון דער היים, פרייטיק פארנאכט. דער טאטע, אנגעטאן אין די קורצע הויזן איבער די קניען און איבערגעצויגן זיי מיט די ווייסע זאקן און די האלבע־שטיבלעטן־שיך, מיט דער זיידענער בעקעשע און שטריימל מיטן כאלאט – געגאנגען דאווענען אין שטאטישן בית־מדרש.

גייענדיק פון אונדזער גאס אין שטאטישן בית מדרש, האט מען זיך געמוזט אנטרעפן מיטן פנים צו דער טמא – אזוי האבן די יידן אין שטעטל גערופן דעם שטאט־קלויסטער: די טמא. פארבייגייענדיק די טמא האבן אלע אפגעהיטענע יידן פון שטעטל געזאגט ,,שקץ תשקצנו ותאב תאבנו"...

דער ברודער מיינער, משה מנשה יחזקאלס האט זיך געקריפט דעם נאמען אלס דער בעסטער שווימער אין שטעטל, אויך ביי די גוים. דעם אמת צו זאגן, איז צו קיין ספארט־פארמעסט אין שווימען קיין מאל נישט דערגאנגען, נאר זיין שווימען האט ארויסגערופן התפעלות סיי ביי יידן און סיי ביי גוים. זיינע ,,בורקעס" אונטערן וואסער, ביז 8-9 מעטער ווייטער איז ער ארויסגעקומען אויף דער אויבערפלאך; ער איז געשווימען א ,,בענקעלע" אזוי ווי ער וואלט געזעסן אויפן וואסער און אויך ,,טריט וואסער" – ווי ער ווולט געשטאנען כמעט אויף איין ארט און נישט ארונטער אונטערן וואסער, און דאס א לענגערע צייט. ער האט געלייגט ,,פולקעס" און געשווימען אויף דעם רוקן און אויפן בריך און אויף דער זייט – און דאס האט אים געקריינט אלס דעם בעסטן שווימער אין שטעטל.

פרטים איבערגעגעבן: יאסל ספיוואק; געשריבן: ח. בריגלער.

6.6.75

מאת רבקה שכטר (שוללדר) אלס געבוירענע אין בריגל

2.2.78 אלס געבוירענע אין בריגל

אלס געבוירענע אין בריגל און זייענדיק מאטל שולהערערס טאכטער, פיל איך פאר א הייליקן חוב צו פארצייכענען מיינע זכרונות פון מיינע יארן.. זייענדיק אין דעם שטעטל, וואס איז געווען באהערשט פון חסידיזם, – גענוג צו דערמאנען דאס אויך בעל־עגלות און קצבים האבן געטראגן חסידישע שטריימלעך און בעקעשעס. נישט וויכטיק איז געווען, צי זיי קענען לערנען און ווייסן עפעס פון יידישקייט – גענוג, וואס ער האט געקענט דאווענען און תהילים זאגן. אבער טראגן שבת א שטריימל אדער א בעקעשע איז געווען גענוג ער זאל ווערן פאררעכנט אלס פולער מיטגליד פון די וועלכע זענען כאראקטעריסטיש פאר דעם לעבנס שטייגער פונעם יידישן שטעטל.

## דער פאגראם

א יאר פאר מיין ארויספאר פון שטעטל האט זיך פארגלוסט די אנטיסעמיטישע פאלאקן צו באקריינען די פוילישע אנטשטייונג אין 1918 מיט א פאגראם אויף די יידן אין שטעטל. איך דערמאן זיך, ווי די פאגראם־שטימונג אין שטעטל האט זיך געצויגן עטלעכע וואכן און עס האבן זיך ווען דער פאגראם־שטימונג זאגאר געפירט אונטערהאנדלונגען פון די יידישע קהילה־פארשטייער מיט דעם בירגער־מייסטער אין שטאט־ראט. לידער, האבן זיי די פולישע דיגנוטארן פון איין זייט גערעדט וועגן אויסמיידן דעם פאגראם און גלייכצייטיק צוגעגרייט דעם פאגראם. דאן האט זיך געשאפן א יידישע זעלבשוץ, ספעציעל פון די יונגעלייט, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון עסטרייכישן מיליטער, וואס האט זיך דעמאלט אויפגעלאזט. לײדער, איז די יידישע זעלבשוץ באשטאנען פון א קליינער גרופע. אויך די הילף וואס איז געקומען פון קראקע איז באשטאנען נישט מער ווי פון צוויי אינסטרוקטארן; פון פראקטישן שטאנדפונקט איז עס געווען א לייכטעשעצונג.

איך געדענק נישט די איינצלהייטן, אבער עס איז געווען אן אפגאנערדיי פאן די פאליאקן, די יידישע זעלבשוץ האט זיך אנטוואפנט און זיך אויסבאהאלטן אין געהיים ביים דאקטאר קנאוער, א פאליאק, דער קעגנער פון דאקטאר בזשעסקי, דער בירגערמייסטער פון שטעטל. און דער פאגראם איז אויסגעבראכן. 5 אזייגער גאנץ פרי איז דערשאסן געווארן משה גולדמאן גייענדיק צום דאווענען אין וואלף לאובס מנין (בית מדרש), ווי מען האט עס אין שטעטל גערופן. א ביסל שפעטער איז דערשאסן געווארן איינער, ראזען, פון די קראקעווער הילפס־מענטשן אין דער זעלבשוץ. איך דערמאן זיך ווי ער איז דערשאסן געווארן פון א שיסער, וואס האט געלויערט אין דעם טורעם פון דער קריסטלעכער קירכע, גייענדיק אויפן טראטואר, הארט ביי דעם פלויט פון דער קירכע. די עלטערע שוועסטער מיינע עטל, ז״ל, איז געלאפן מיט וואסער אים צו ראטעווען. לײדער איז ער אויפן פלאץ געבליבן א טויטער און נאך איינער איז שווער פארוונדעט געווארן מיט מעסער־שטעך, פון די פאגראמשטשיקעס און נאך לאנגע מאטערנישן געשטארבן אין יידישן שפיטאל אין קראקע. פיל אנדערע יידן זענען צעשלאגן געווארן. פיל יידישע געשעפטן זענען פארברענט און צעראבעוועט געווארן.

## דער דעזערטער

אין אנפאנג 1920 בין איך מיט מיין שוועסטער געפארן קיין דייטשלאנד. אין דער זעלבער צייט איז אונדזער ברודער שלמה מאביליזירט געווארן צום מיליטער. נאך 3 וואכן האט ער דעזערטירט פון מיליטער. מיט עטליכע טעג שפעטער האט מען אים געכאפט אין בריגאל און א מיליטער פאליציאנט האט אים מיטגעפירט קיין קראקע, צום מיליטער־געריכט. עס האט אים געדראט אפילו טויט־שטראף. אין דער באן האבן צוויי יידן אים געראטן, ער זאל אנטלויפן פון דעם מיליטער־פאליציאנט. אין דער צייט וועט ווערן א געדראנג און נאכדעם וועט מען קלערן וואס צו טאן. אזוי האט ער מיט דער הילף פון עטלעכע בריגלער יידן באוויזן צו אנטלויפן. מיט 3 וואכן שפעטער האט מען אים באוויזן אריבערצושמוגלען די גרענעץ קיין דייטשלאנד. אין יאר 1934 זענען געקומען איך און מיינע צוויי ברידער שלמה און טוביה שוללערער ז״ל, קיין פאלעסטינע פון וועלכע עס איז שפעטער אנטשטאנען די מדינת ישראל.



שלמה שוללרר, אטל שוללרר ז"ל רבקה שכטר (שוללרר)
לחיים ארוכים טוביה שוללרר ז"ל לבית מוטל שוללרר.



מינה טרייבר (טלר) חיים טלר ותמונת האם
רבקה טלר אשת בצלאל שוללרר.

## די שוללערערס אין שטעטל

כמעט יעדע פערטע משפחה איז געווען געקנופט און געבונדן מיט דער משפחה שוללערער. אזוי האט זיך די משפחה צעצווייגט אין שטעטל. צו דעם האבן דערפירט פארשידענע סיבות. עטלעכע פון די גורמים טו איך זיך דערמאנען. איינס פון זיי איז געווען, ווייל זיי האבן חתונה געהאט אין די יונגע יארן און געווארן טאטעס און מאמעס מיט קינדער. דאס האט געדינט אלס ארגומענט זיי נישט צו נעמען אין מיליטער. מיט יארן איז דאס געווארן ביי די חסידישע משפחות אנגענומען אלס מנהג חתונה צו האבן נאר מיט חופה וקדושין ביי א רב און דאס האט געהייסן נישט קיין געזעצלעכע חתונה. דאס האט געבראכט צו אבסורדאלע דערשיינונגען: אין פיל משפחות, קינדער פון איין טאטן האבן געטראגן צוויי נעמען. און אזוי האט פאסירט א מעשה מיט יעקל דוד׳ס קינדער. צען פון זיי האבן זיך גערופן שוללערער, זייער מאמעס נאמען, ווייל ער האט חתונה געהאט מיט זיין צווייטער פרוי נאר מיט חופה וקדושין ביים רב, און פון זיין ערשטער פרוי, מיט ודעלכער ער האט חתונה געהאט אויך געריכטלעך, האט זיין ערשטער זון פון דער פרוי זיך גערופן יצחק טענצער. און מיט יארן שפעטער האט דער ברודער, יצחק טענצער, ארויסגענומען קיין אמעריקע זיין שוועסטער, אסתר רבקה שוללערער.

איך האב דערמאנט די משפחה שוללערערס מיט זייער פאטער יעקל דוד טענצער. דאס איז געווען איינע פון די שענסטע חסידישע משפחות אין שטעטל. ר׳ יעקל דוד. ווי מען האט אים גערופן אין בריגל, ער צוזאמען מיט ר׳ נפתלי טייטלבוים, האבן געפירט דעם חסידים־טיש אין דעם חסידים־שטיבל א יעדן שבת אין אוונט, שלוש סעודות, צו דעם חסידישן טיש איז מיין פאטער מאטל שוללערער ז״ל און מיין עלטערער ברודער שלמה ז״ל געגאנגען א יעדן שבת. ווי שוין דערמאנט, איז די משפחה שוללערער געווארן צעצווייגט און פיל אנדערע משפחות, שעיה גאסטמאנס שוועסטערן פון מיין מוטער, אויך אין טעלערס, טעמפלערס, זינגערס און פיל אנדערע נעמען.

## טאפעלע נעמען

אין בריגל אין דעמאלטדיקע צייטן, איז נישט געווען קיין אנדערע נעמען, ווי: רחל, אסתר, חנה, לאה. א יעדער נאמען איז געווען באהאפטן מיט נאך איין נאמען רחל־עטל, אסתר־רבקה, חנה־לאה, לאה־שרה. און עס איז אפילו באהאפטן געווארן נאך א דריטער נאמען, ווי: חיה־שרה האט מען גערופן „חשרה־מירלס״, „חצערל־חנהס״. און דאס האט געדינט אלס קריטעריום פארן משפחה־יחוס.

דערמאנענדיק דעם נאמען חשרה־מירלס, קערט מיך צוריק צו יענע צייטן: אזוי האט מען גערופן מיין באבע. זי פלעגט אונדז דערציילן, גאר־גאר זעלטענע קוריאזן. וואס האבן מיט איר פאסירט אין אירע יונגע יארן. זי האט געהאט א שפייז־געשעפט און ווען עס זענען געקומען די „פאסט־טעג״ ביי קריסטן, האט זי געבראכט צוויי גרויסע פעסער הערינג און פארקויפט צו פויערטעס. ביי די קריסטן איז געווען אנגענומען, אז דריי וואכן פאר דעם געבורט־טאג פון כריסטוסן, עסן זיי נישט קיין פלייש; האבן זיי געגעסן הערינג. אין א געוויסן יאריד־טאג איז געקומען א פויערטע און געקויפט 5 הערינג און ווען די פויערטע האט איר געוואלט באצאלן, האט זי

ארײַנגעטאָן איר האַנט אין דעם קײַשל, וואָס האָט זיך אויסגעלײדיקט פֿון די אייער וואָס זי האָט פֿאַרקויפֿט, אָבער זי האָט נישט געפֿונען דאָס טיכל אין דעם קויש, אין וועלכן זי האָט פֿאַרקנופּט איר געלט. האָט זי געמאַכט אַ גערוואַלד, אַז די באָבע האָט איר אַרויסגעגנבעט דאָס געלט. באַלד זענען געווען 2 עדות וואָס האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן געזען ווי די באָבע האָט איר דאָס געלט אַרויסגעגנבעט. פּאָליציי איז געקומען און געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל. מיט צען טעג שפּעטער איז געווען דער משפּט. פֿאַרשטייט זיך, אַז זי איז געפֿאָרן צו אַ „גוטן ייִד", ווי מען האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט. זי איז געפֿאָרן צום שינעווער רבֿ און ער האָט איר אָנגעווינטשן, דאָס עס וועט פֿון משפּט גאָרנישט ווערן. בשעת דעם משפּט איז די באָבע צוגעגאַנגען צו דער פּויערטע, אָנגענומען דאָס קלייד בײַם האַרצן און איר אַ פֿרעג געטאָן: דו ביסט זיכער, אַז איך האָב בײַ דיר צוגעגנבעט דײַן געלט? אויף איר פּלוצעמדיקער פֿראַגע האָט די פּויערטע געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע: ווי קאָן איך זײַן זיכער אַז דו האָסט מיר צוגעגנבעט מײַן געלט? איך בין זיכער, אַז דאָס געלט האָב איך געהאַט אין מײַן קײַשל און איך האָב עס נישט. דאַן האָט דער שופֿט מבטל געמאַכט דעם משפּט און די באָבע האָט מען באַפֿרייט. עס איז צו באַמערקן אַז אין דעם יאָרידטאָג האָט מען צוגעגנבעט בײַ עטלעכע פּויערטעס אויף אַן ענלעכן אופֿן זייער געלט.

## אַ מעשה מיט שטשורעס

אויך די מעשה מיט די שטשורעס האָט אונדז די באָבע דערציילט. דאָס איז געווען נאָך פֿאַר דער גרױסער שׂריפֿה אין 1904, ווען דער גרעסטער טייל פֿון שטעטל איז אָפּגעברענט געוואָרן. איר שפּייז־געשעפֿט האָט זיך געפֿונען אין אַ הילצענער געבײַדע. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פֿאַרבויט מיט הילצענע הײַזלעך. אין איר געשעפֿט האָבן זיך די שטשורעס געמערט אָן אַ צאָל און האָבן איר געמאַכט גרויסע שאָדנס. דאַן איז זי געפֿאָרן צו אַ רבין ער זאָל איר געבן אַן עצה, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פֿון די שטשורעס. ער האָט איר פֿאַרשפּראָכן, אַז די שטשורעס וועלן אַנטלויפֿן פֿון איר געשעפֿט. מיט דרײַ טעג שפּעטער, ווען זי איז צוריקגעקומען פֿון רבין, האָבן פֿיל מענטשן געזען ווי די שטשורעס פֿון איר קראָם און אויך פֿון אַנדערע געשעפֿטן, לויפֿן צו דעם תּבֿואה־שפּײַכלער פֿון דער קירכע. אין שטעטל האָט מען געלאַכט, אַז די שטשורעס זענען אַוועק „דאַוונען" אין דער קריסטלעכער קירכע.

אויפֿן חשבון פֿון דער מעשה מיט די שטשורעס האָט מען דערציילט אַ הלצה, אַז אַ ייִד האָט געוואָלט פּטור ווערן פֿון די שטשורעס איז ער געפֿאָרן צום רבין פֿרעגן אַן עצה וואָס צו טאָן; האָט אים דער רבי געהייסן, ער זאָל נעמען פֿון דעם פּסח־אַפּיקומן און זיי געבן עסן, וועלן זיי אויפֿהערן עסן. האָט זיך אונדזער ייִד געפֿרעגט דעם רבין, פֿון וואַנען וועלן די שטשורעס וויסן, אַז נאָך דעם אַפּיקומן טאָרן זיי מער נישט עסן? האָט אים דער רבי געענטפֿערט: זיי ווייסן שוין, ווײַל זיי האָבן מײַן שולחן ערוך אויפֿגעגעסן.

## בריגלער מתים

די בריגלער האָט מען גערופֿן „בריגלער מתים". פֿאַר וואָס? האָט אונדז די באָבע דערציילט: דאָס ערשטע בית הקבֿרות איז מיט אַ צוויי הונדערט יאָר צוריק פֿאַרפֿולט

געוואָרן אַזוי, אַז עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ ווו די מתים קובר צו זיין, ווייל די דערלויבעניש קובר צו זיין אויף דעם נייעם בית הקברות האָט זיך געצויגן יאָרן און אַזוי ווי די מענטשן האָבן נישט געוואַרט ביז עס וועט געעפנט ווערן דער נייער בית־הקברות, נאָר זענען דאָך געשטאָרבן, האָט די קהילה פון בריגל באַקומען פון דער יידישער קהילה אין ווישניצע אַ דערלויבעניש צייטווייליק קובר צו זיין די מתים אין ווישניצע (אַ שטעטל נישט ווייט פון בריגל). ווען מען האָט געבראַכט אַ מת פון בריגל האָבן זיך די מענטשן פון ווישניצע געפרעגט: וועמענס לוויה איז דאָס? האָט מען זיי געענטפערט, אַז דאָס איז אַ מת פון בריגל. אַזוי האָט זיך געשאַפן דער נאָמען „בריגלער מתים".

אָבער דאָס איז איין גירסה. אַ צווייטע גירסה זאָגט, אַז די בריגלער מתים, וואָס זענען קובר געוואָרן אין ווישניצע, האָבן נישט געקאָנט רוען אין זייער קבר. זענען זיי געקומען קיין בריגל און פאַרלאַנגט, מען זאָל אָראָפּנעמען די שאַנד פון זיי, וואָס מען האָט זיי נישט קובר געווען אין זייער שטעטל. דער שמש וואָס האָט געוועקט צו עבודת הבורא האָט זיי געזען און אַנדערע, וואָס זענען געגאַנגען פאַר טאָג אין בית מדרש, האָבן זיי באַגעגנט אויפן וועג. דאָס גאַנצע שטעטל איז אַריין אין אַ פּאַניק און אין אַ פּחד. האָבן זיך צונויפגענומען עטלעכע הונדערט מענער און פרויען, און זענען געגאַנגען קיין ווישניצע צו די בריגלער מתים און האָבן מיט תהילים־געבעט איינגעריסן קברים און געבעטן מחילה ביי די מתים, וואָס מען האָט זיי קובר געווען אין ווישניצע בלויז דערפאַר, ווייל עס איז נישט געווען קיין ברירה. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן, דאַן האָט דאָס שטעטל „איינגעלייגט וועלטן" (ווי מען האָט זיך דעמאָלט אויסגעדרוקט): זיי זענען געפאָרן צו גרויסע רבנים און געפרעגט אַן עצה. איינער פון די רבנים האָט געזאָגט, אַז ער אַליין וועט קומען אין שטעטל אַריין און וועט פאַרטרייבן די מתים פון שטעטל. ער איז טאַקע געקומען אין שטעטל, געהייסן איינשפּאַנען אַ פּאָר פערד און וואָגן, דער רבי מיט דעם בעל־עגלה האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויפן וואָגן און דער רבי האָט געהאַלטן אַ בייטש צו שמייסן זיין פערד און דער בעל־עגלה האָט געהאַלטן זיין בייטש צו שמייסן זיין פערד. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך צונויפגענומען ביי דעם וואָגן אין מיטן דער נאַכט און דער רבי מיט דעם בעל־עגלה זענען ווי אַ בליץ שנעל געלאָפן אַוועק אין אַלע געסלעך און גאַסן און דאָס גאַנצע שטעטל לויפט נאָך דעם וואָגן און פאַרטרייבן די מתים פון דעם שטעטל. און פון דאַן האָט מען גערופן די בריגלער „בריגלער מתים".

דערציילט פון רבקה שוללערער
מאַטל שוללערערס טאָכטער

פאַרשריבן פון חיים בריגלער

מאת
טוביה מנגלגרין

## הרחוב של ר' מנשל'ה דין

זה היה אחד מארבעה רבעים שנשארי אחרי השריפה הגדולה שפקדה את העיירה בשנת 1904, עת שמונים אחוז של העיירה נשרפה. נשארו ארבעה פינות שלא נפגעו,

חזה הודות לכך שהן היו בקצוות העיירה, ומגרשים גדולים הבדילו ביניהם ובין מרכז העיירה שהתרכזה בצפיפות סביב השוק „המארק" כפי שנקרא ביידיש בפי אנשי העיירה. ובכן מרכז העיירה והרחובות הסמוכים לו אוכלו באש אשר לחכה את בתי העץ כלחוך השור את עשב השדה.

איש זר, שבא לתור בעיירה נתקל במיוחד בארבעה רובעים האלה שנשארו לפליטה מבתי העץ, הרעועים והכפופים מרוב זיקנה ורקבון שבחלקן מטו לכרוע תחתיהן.

## בו נולדתי גדלתי וחייתי עד עליתי ארצה

כל רובע ורחוב ציין את האוכלוסיה שלו. החל מן הרובע הגדול שנשאר מלפני השריפה „השצאנקא" שאכלס בתוכו קרוב לעשרים אחוז מכל האוכלוסיה היהודית שבעיירה. אחריו בא „הקבורץ" „גאס" עם זבל'ה „הקברן" של העיירה. במקום השלישי הרחוב של ר' מנשל'ה שנשאר בלי כל שינוי מימי השריפה עד השמדת אוכלסיתה ע"י הנצים ימ"ש.

עוד אזכור את הרובע הרביעי והוא ה„פיש־פלאץ" כפי שקראו לו ביידיש אנשי העיירה. כאן התרכזו כל מוכרי הדגים, 4 משפחות וגם „הקישקל'ה־מאכער'. אלה התישבו במקום הזה כי זה היה בגבול הנחל „האושוויצה" שעבר בעיירה ולאנשים האלה זה היה לתועלת. ועוד כמה משפחות בודדות, שבמשך השנים עזבו את המקום, כיון שבתיהם מטו לנפול. כן שינו אחדים את ביתם, הם פינו את הבתים הרקובים ובנו במקומם בתים בנויים מלבנים ורק שלושה נשארו מלפני השריפה.

כאמר, נולדתי בר' מנשל'ה דינ'ס גאס, לכאורה, היו רגילים חשוב את ר' מנשה דינס גאס החל מן הפינה שהתחילה בפניה מן השוק לתוך הרחוב הזה. אולם למעשה, התחיל הרח' הזה מן הרחוב שנקרא ר' משה הלל'ס גאס שחצה את הרחוב לשנים. החלק העליון שהתחיל בפינת השוק עד „משה הלל'ס גאס" שהיו בו בסה"כ שלושה בתים. מצד אחד שני בתים, שרק אחדים ממשפחות הדיירים אזכור, והם האינהורנים ההניגים וההרטמנים. ההרטמנים בהמשך השנים עזבו את העיירה ועברו לבלגיה, ומצד שני הברנשטטים. כל המשפחות האלה נערו את חצנם מהשתיכות לר' מנשה דינס גאס, מלבד משפחת שיע פסטובסקי, המכונה בעיירה שיע סטאלער לפי מקצועו, שהיה גר אז בביתו של בורגניכט או של ברנשטטר, והכניסה אליו היה במורד מצד המגרש הריק. הוא אשתו וילדיו הדגישו ביתר שאת דוקא את השתיכותם ל„ר' מנשה דינ'ס גאס" ובאם כך ר' מנשה דינס גאס מתחיל רק ממשה הלל'ס גאס, מן המורד התלול עד מרחב השדות.

## המגלשה של הרובע שלנו

את המורד התלול הזה, נצלנו אנו הצעירים הקטנים עם בוא ימי החורף, עת הכפור והשלג, שבאו לנו כפצוי על ימי הסתיו הגשומים והרטובים שקורים חדר ללשד עצמותינו, והמים והבוץ השרו את רגלינו בתוך הנעלים. ונוסף לכך ימי הסתיו הגשומים רתקו אותנו לבית, ונהפכנו למפריעים ומיותרים ליתר בני הבית ולעצמנו. לא כן ימי החורף, הכפור הקפיא את הבוץ והשלג על פי רוב היה יבש ומשעשע, יתר על כן, מה, ואיזה אמצעי היה יכול להפוך את העיירה בלבוש כל כך נקי וצח כמו השלג. הוא כיסה את כל הגרוטאות והלכלוך. ואף את בורות הזבל בחצרות הבתים, כסה כבסדין צח



**רבקה שכטר**
לבית מוטל שוללרר
ראה כתבה
עמוד 225



**מרים שטרנגר**
לבין שמחה ברנדשטטר
ראה כתבה עמוד 240



**יהושע וסטרייך**
ראה כתבה עמוד 245



**מרקה גרינברגר הי״ד**
ראה כתבה עמוד 242



**צבי לפלהולץ**
ראה כתבה



**טוביה מינגלגרין**
ראה כתבה
עמוד 229, 238

בלובן נוצץ ומקרין צבעי־קשת צבעי־יהלומים. ומעל לכל המרבד הלבן והרך שנפרש לרגלינו. אותו נצלנו למשחק מיוחד במינו, והואהליכה בשלג והשארת עקבות נעלינו בו. אך במשחק הזה לא תם עסוקינו. עקר ההנאה שלנו היתה הגלישה במגלשות. כבר עם רדת השלג הראשון, אשר ברובו היה מעורב בגשם או רק שכבה דקה שנמס כעבור יום, יומיים, שרק הרגיז וציער אותנו. אולם הוא בישר לנו את אשר עומד לבא בימים הקרובים. עם זה כמה תכונה של התכוננות לקראת השלג שלו אנו מצפים ובא יבא, ואז התחלנו לחפש אחרי לוחות מכל מיני ארגזים מיותרים שציפו לנו שנעשה בהם שימוש. קבוצות קבוצות עשו במשותף את המגלשות. הקטנים הסתפקו במגלשה של מושב אחד, והגדולים מהם הגיעו אף לשולשה מושבים במגלשה. הכל לפי השגת ידם וכשוריהם אחרי איסוף החומרים: לוחות, קרשים, מסמרים, ופסי פח לפרזול הדפנות שמחליקים על השלג. כך התקינו את המגלשה. את לוחות הדפנות עגלו מצד אחד ולצד הלא מעוגל חברנו לוחות קצרים למושבים מבפנים הדפנות עשינו שני חיזוקים מקרשים שהדפנות לא יתפרקו. המגלשה היתה נראית כעין ארגז צר, נמוך ומאורך, סגור משלשה צדדים ומצד הדפנות המעוגלים פתוח על השלג ומלפנים קשרנו חבל למשיכת המגלשה. העבודה הזאת נמשכה ימים על גבי ימים והשלגים אכן הגיעו. ואז יצאנו בשעה טובה לתחנת הזינוק שלנו, שהיתה ברחוב שלנו במקום שהחלו שני המגרשים הריקים, לפני משה הלל׳ס גאס. מענין לציין שבלי שום הדברות בינינו לצאת לגלישה, ברגע שקבוצה אחת יצאה, מיד באו כולם כמו הצפרים שעוזבות את ארצות אירופה קרוב לפני החורף לארצות החמות.

רבים טרם הספיקו לגמור את המגלשות שלהם, אולם חלקם בשמחת הפתיחה לא קופח עם התחלת העונה, כי כולם היו צריכים להשתתף בהדיקת השלג ולהתאימו לגלישה. בפעולה זו השתתפו מגדול ועד קטן. עקב אחר עקב דרכו על השלג הרך בספיפה, הלוך ושוב, וכך פחסו ורקעו את כל השטח, שהמגלשות לא תתקלנה במכשולים, ורק אחרי הכשרת השטח התחלנו בנסיון הגלישה. ובכן התישבנו על המגלשה ואז היו צריכים לדחוף את המגלשה כדי להכניס אותה להלוך מהיר שתתגלש מעצמה. בהתחלה זה הלך די קשה כי השלג טרם נהפך להיות חלקלק, אך עם הגלישה נחלק ונתחדד. כן לא חסרו דוחפים והם מאלה שטרם הספיקו לגמור את מגלשותיהם וגם כאלה שבכלל לא עשו מגלשות. תמורת שתי דחיפות קנו לעצמם זכות גלישה, וזה הלך לפי תור של מתחלפים.

## הרחוב של משה הלל׳ס הי״ד

לא בזכותו נקרא הרחוב משה הלל׳ס „גאס״ (רחוב) רק הודות לתלמידיו הקטנים, משה הלל׳ס היה מלמד לנערים שזה עתה גמרו את החדר הדרדקי, והם הגיעו לידיעת הקריאה ב״חומש״ בלי שגיאות, ואילו התחילו ללמוד חומש עם רש״י, ובזכות התלמי־דים הזאזוטים האלה נקרא הרחוב ״משה הלל׳ס גאס״, כך קבעו את השם. מענין, הבית אשר בו היה גר משה הלל׳ס היה שיך לגינציק הזקן. היה זה בית גדול, בנוי מלבנים, ספק שתי קומות. למטה היה גר גינציק הזקן עם אשתו צוטעל, מוכרת הביצים, ומעליו משה הלל׳ס וממולו היה גר ״הסופר סת״ם״ ערירי בזקנתו. וכשמשה הלל׳ס חתן את בתו היחידה, ידע ״הסופר״ לוותר על חדר אחד מדירת שני החדרים שלו, למען הזוג הצעיר שהתווסף בבית הזה. מול הבית הזה, מצד שני שברחוב, היה ביתם של

''היצקעם''. עד היום לא אדע למה קראו לבית הזה לא על שם בעל־הבית, ראש המש־פחה, כי אם על שם הכולל את כל בני המשפחה ''יאצקס''. לבית הזה היו סמני הכר בולטים ביותר והם: לפני הבית עמדו תמיד שתי עגלות וכן גלגלים ושאר חלקי עגלות וגם ארגזים ומכסיהם וכד'. כל הדברים הללו לא היו זרוקים סתם שאין בהם צורך בשמוש, להפך הם היו שמושיים מאד ונחוצים. מדי פעם לפעם זה היה תלוי לפי הערכת גודלו של היריד והמכירה שתהיה בו. ובשביל זה היו להם עוד שתי עגלות בחצר וכל מיני אביזרים למטרת האריזה של כלי מטבח, והמיוחד שלהם, סירי אבן (קרמיקה) וסירי חרס. מחסנים גדולים עם כל מיני כלי בית היו להם בחצר, וכן אורוה.עם שני זוגות סוסים, בהם הם הובילו אתהעגלות העמוסות לכל הירידים שבעיירות הסמו־כות לבריגל, וזה מיום שני בשבוע עד יום שישי לפנות ערב לפני כניסת השבת. כי גם עליהם היתה מקובלת קדושת השבת. השמורה על ידי בני העיירה, אף על־על־פי שלא היו נחשבים לאדוקים ביותר, במיוחד הבנים, אבל לחלול שבת בפרהסיא לא הגיעו. בשבילנו, תלמידי משה הלל'ס היו שתי העגלות והחפצים סביב להם לפני הבית של ה''יאצקאס'' חשוב לאין ערוך. הם שמשו לנו מקום למשחק המחבואים, כמעט כולנו היינו מתחבאים בעגלות האלה ומסביב להן. פעם קרה לנו, שאחד המתחבאים נכנס בעגלה והכניס את עצמו בתוך שק שבערמות השקים ונרדם בתוך השק, ולאחר שכל המתחבאים יצאו ממחבואם הוא נשאר ללא כל מענה, ולא עזרו לנו כל קריאותינו בקולי קולות, ואז התחלנו לחשוש לשלומו ופחד אחז בנו לקיומו. היו בינינו שסברו כי ברח הביתה בלי לאמר דבר, אך אלה שהתחבאו אתו בעגלה קבעו בודאות שהוא לא יצא ממחבואו, ולכן הדאגה לשלומו גברה והדאיגה אותנו ביותר, עלינו על העגלה, שבה התחבא והתחלנו לנבור בתוך ערימת השקים, והיינו כבר בטוחים שאינו נמצא בעגלה ואז התחלנו להשתובב וקפצנו על השקים שבתחתית העגלה ופתאום צוחת אימים אי! אי! וזחל בצווחות משק אחד, כולנו נבהלנו מהתגלותו הבלתי רגילה, ועל שאלתנו למה לא יצאת אחרי קריאותינו המרובות? ענה בפשטות ובהרמת כתפים, לא שמעתי כלום, כי נרדמתי בתוך השק. וכך נרגענו ורווח לנו. את המשחק כבר לא המשכנו, כי בלאו הכי כבר אחרנו לצהרים בבית, וכל אחד מאתנו היה צפוי לעונש ולכן רצנו מהר הביתה.

## עונות המשחקים

המשחקים ששחקנו היו עונתיים. עונה עונה והמשחק שלה, או המאורע בה הוא קשור. אצל משה הלל'ס, היינו לומדים לפי ' זמנים''. זמן הלימודים היה נחשב, אחרי חג הפסח עד לסוכות ואחרי חג הסוכות עד השבת הגדול לפני פסח. כך היו נוהגים לשכור ''זמן'' לימודים אצל כל המלמדים בעיירה. באם התחלנו לפני שבת בראשית, נפל בחלקנו מיד דבר חשוב מאד, והוא: כי אנו בשבוע הבא מתחילים ללמוד גם בערבים, ועלינו להכין פנסי לילה. הודעתו זו של הרבי שלנו משה הלל'ס אפפה אותנו בגאוה. הרי אומר כי אנו מתחילים להיות ''נערים מתבגרים'' הסימן, שאנו לומדים גם בערבים. ובכן עלינו להכין פנסים להאיר את הדרך הביתה. היו כאלה שהיו להם פנסי כיס חשמליים, והיו כאלה שקנו אצל הפחחים פנסי פח קטנים מרובעים עם דלתון בצד אחד בשביללהכניס את הנר בתוכו. הפנס היה מזוגג בזכוכית מארבע צידיו ואור הנר בקע החוצה והאיר את הדרך. אך היו כאלה שגם הפנס של פח היה אצלם בבחינת מותרות שידם אינה משגת. אלה עשו מעץ פנס דוגמת פנס הפח, וראו דוקא בפנס כזה מצאנו

את כל החשיבות שבהם. והאמת היא שבפנסי עץ האלה מצאנו ענין להתחקות אחרי מעשה ידם. בטרם שבענו מהפנסים שלנו, כבר התקרבו ימי ״החנוכה״. את הידיעות על החג הזה קבלנו מהרבי משה הלל׳ס, שהסביר לנו את ״הנס״ שקרה לנו עם פח השמן שנמצא חבוי בבית המקדש, ותכולתו היה מספיק רק ליום אחד, ואז קרה הנס והספיק לשמונה ימים. על המרד, המכבים והחשמונאים, משמעותם ותוכנם לא הוזכר כלל וכלל. כן קבלנו הוראה ללמוד בעל־פה את התפילה ״על הניסים״ של ימי חנוכה ותר־לא. אך כל זה היה רחוק מתפיסתנו השכלית. לעומת זה מצאנו, ועוד איך מצאנו, ענין רב בהכנת הסביבון, ולאושרנו נתקבלה התעסקותנו בהכנת הסביבון בהבנה מלאה ואף בעידוד של שני הגורמים העיקריים בעצוב דמות חנוכנו והם: הבית, והרבי, ב״חדר״, וכך, כל אחד מאתנו השיג סכין מיותר ללא שימוש בבית, אותו השחזנו חדות על אבני הסף שבמדרכות. ואז חתכנו מן המקבל של המטאטא חתיכה באורך של ארבע ס״מ, אותה הפכנו למרובעת ומקצה אחד חתכנו כעין כיפה עם קוץ ששימש כרגל המסתובבת. מצד שני חטבנו עד שקבלנו מקל עגול דקיק ששמש כידית להרצת הסביבון. עם תום העבודה הגסה היינו משיפים את כל הצדדים על המרצפות של המדרכה, ואחרי השיוף היינו כותבים בעפרון קופי על ארבע לחיות הצדדים את האותיות נ.ג.ה.ש. שפרושם היה ה-״נ״ ״נעם נישט״ היינו - אל תקח מהקופה ואל תוסיף, האות ג׳ היה ״אין גאנצען״ (ביידיש) היינו - זכיה בכל הקופה, האות ה׳ פרושה ״האלב״ (ביידיש) החצי מהקופה, והאות ש׳ פרושה (ביידיש) היה ״שיט״ היינו - תוסיף כמה שיש בקופה, ותאמינו או לא, אנו הזאטוטים חיינו את ה-נ,ג,ה,ש, לא במושג של ״נס״ גדול היה שם, ראשית ה״שם״ היה רחוק מאתנו מרחק רב, ולנו היה כל ההסבר ״שנס גדול היה שם בבית המקדש״ וה״שם״ הזה בשבילנו היה בבחינת מרחף אי שם בשמים.

## משחק הקויטלעך

מכיון שזאת היתה עונת המשחקים בהיתר, חדר לתוך שורות הצעירים מדורות משחק נוסף באותם הימים והוא: ״משחק הקויטלעך״. את הקויטלעך היינו עושים מקרטון על פי רוב מקופסאות של נעלים או ממתקים, אך גם זה היה קשה להשיג, לכן היינו עושים אותם מניר עבה גס חום, עליהם כתבנו הספרות עד שתים־עשרה, וכאלה היו כפולים, היינו - עשרים ושתים, אותם ערבב הקופאי והחזיק אותם ביד, וכל משתתף היה מושך קלף קלף, ואסור היה לעבור לפי צירוף המספרים מעל עשרים ואחד, כי מעל עשרים ואחד נחשב לשרוף, והפסיד. אך הרוב היה יוצא ידי חובה שעשו פתקים מנייר רגיל ורשמו את הספרות וגללו את הפתקים, שמו אותם בתוך כובע ומן הכובע היו מושכים גליל גליל באותו פרינציפ של ״עשרים ואחד״. רבים היו מעדיפים את הפתקים וטעמם אתם, אך הרוב היה יוצא ידי חובה בכך שעשו פתקים מנייר רגיל, רשמו את המספרים וגללו את הפתקים, שמו אותם בתוך כובע ומן הכובע משכו גליל גליל, באותו פרינציפ של 21, רבים היו מעדיפים את הפתקים. ראשית הפתקים היו מבטאים את שם המשחק ״קויטלעך״, שנית אותם אפשר היה לעשות במקום, לצורך זמן המשחק ולא היינו צפויים לעונש ולהחרמתם על ידי משה הלל׳ס, שהיה מידי פעם עושה חפושי פתע במכנסים שלנו. אך דא עקא, היות והפתקים היו שמים בכובע, אחד היה נשאר בגלוי ראש, וזאת היתה עבירה חמורה. אם מישהו היה מוצא אותנו בקלקלתנו, אוי ואברי היה

לנו, קבלנו נזיפות קשות והגרוע מכל היה פוגע בנו הכנוי שקצים רחמנא לצלן, כך קראו לבני הנוצרים הפולנים, וזה חרה לנו יותר מכל. היתכן לקרוא לנו ״שקצים״ בו בזמן שבשבילנו כל המשחקים האלה היו קשורים בחנוכה. כך קבלו דורי דורות של צעירים שהמשחקים האלה הם חלק בלתי נפרד מחג החנוכה, ואנו ראינו במשחקים אלה כעין ״מצוות עשה׳, אולם לא כך העריכו מעשי ידינו המבוגרים. למרות הכל אנו עשינו את שלנו, ועוד כשלושה שבועות לפני ואחרי חנוכה המשחקים היו בעיצומם.

## חמישה עשר בשבט

תוך משחק הקויטלעך והסביבון, התקרב אלינו עוד חג פחות מובן לנו, והוא ה־״חמישה עשר״. ההסבר שקבלנו, היה, כי צריך להביא ל״חדר״ פירות לשם ״ברכת שהחינו״. פירות שטרם אכלנו כאלה בשנה זו, והם כביכול פירות מארץ־ישראל. אבל ידוע היה לכולנו כי הפירות האלה מביאים לפולין מתורכיה או מיון. למרות זה לא הוטל שום ספק וחשד בצורך בפירות הללו, כי העיקר היה בברכת שהחינו. אמנם היו התלחשויות על החג שהוא חג אשר בו ״נדונים האילנות״, אבל שזה קשור באילנות ממש, המתעוררים מתרדמת החורף והסימן המובהק לזה היא השקדיה הפורחת, ובטבע הארץ־ישראלי חוזר האביב, כל זה לא היה ידוע ולא מובן לנו, אבל אנו לא היינו זקוקים להסברים. בעצמנו ידענו לתת לעצמנו את הטעם של החג, ובהתקרב ראש חודש שבט, כל אחד מאיתנו קנה אצל חאצריל דורף בעד כמה פרוטות חרובים (בוקסר ביידיש) ובבוקסר היו גלעינים קטנים ואלה שמשו לנו למשחק ״הזוג ופרט״ (דרוד אים ביידיש) ותוך ימים ספורים כל אחד מאתנו התהלך עם כיסים מלאים גלעיני חרובים, והם היוו לנו תוכן החג ומלאו לנו את התמצית של טעם החג הזה. האמת היא כי מן החרובים לא נהנינו ביותר, ראשית הם היו על פי רוב אכולים על ידי תולעת, ואם אפילו מבחוץ היו נראים החרובים יפים ושלמים, לאחר לעיסה ראשונה נוכחנו שבפנים הם אכולים על ידי התולעת, ומה שהגעיל אותנו היו גריסי הפסולת הדקיקים והחוטי העובש שנשארו מן התולעת. אבל לא החרובים חשובים היו בשבילנו כי אם התוך אשר בהם, והם: הגלעינים שלהם, ששמשו לנו למשחק ״זוג ופרט״. המשחק הזה היה אחד המשחקים הנוחים לנו. במשחק הזה אפשר היה לעמוד, לשבת ואף ללכת ולשחק, ומרוב בוחיות גרמנו לנו בעצמנו לאי נעימויות, לעונשים ואף למכות. והמעשה כך היה: בזמן שישבנו מסביב לשולחן הלימודים ומרוב ישיבה ממושכת של שעות גלאינו ושעמום אכל בנו, ואז, רבים מאיתנו תחבו יד לכיס, הוציאו חופן גלעיני חרובים ופנה לשכנו על ידו או ממולו לשולחן במילה: זוג או פרט? וההוא ניחש, כמובן שאת החופן עם הגלעינים החזקנו במחבוא מתחת לשולחן, באם נחש נכון היה מקבל את חופן הגל־עינים, והיה אמון הדדי, כי אחד אינו מרמה את השני. וכך שקענו יותר ויותר במשחק מאשר עקבנו אחרי החומש, והסבריו של ״הרבי״ משה הלל׳ס, והוא הרגיש במתרחש אצלנו, ואז נגש היה לאחד מאתנו הידועים לו בתחבולותיו ותפס את אוזנו, משכו וסבבו ״פוזר״ כך קראו למעשה משיכת האוזן וסבבו. מילא, על העלבון הצורב והמכות שקבלנו אפשר היה עוד איך שהוא לעבור, אך משה הלל׳ס לא הסתפק בזה, קרא ל״רב־בית״ אשתו, שהיא תביא קערה ודרש מכל אחד לשים את הגלעינים בקערה והחרים מאיתנו את הגלעינים, ועל כך הצטערנו ביותר והגרוע מכל, זה חזר על עצמו מדי פעם בפעם.

# פורים

לי נדמה שחג פורים היה המובן לנו ביותר, מבין כל יתר החגים, וזה לא משום שלמדנו יותר והסבירו לנו ביתר פרוטרוט את משמעותו של החג, אלא פשוט מאד, את החג הזה חשנו אנו בעצמנו ולא היינו זקוקים להסברים מרובים. אמנם לאחר כל הלמר־דים במגילת־אסתר לא הבננולא את אסתר המלכה ולא את מורדכי היהודי. אנו הס־תפקנו בכך שידם היתה על העליונה, ומשום כך היתה ״אורה ושמחה ליהודים״. לעומת שני הגבורים היהודים שלנו, היה אחשורוש והמן מאד מוכרים וידועים לנו, כי את אחשורוש הגוי השכור התמידי, בו נתקלנו לעתים קרובות והמן הרשע אנו הרגשנו על בשרנו. לא אחת קבלנו מכות מ״ההמנים״ השקצים הגרים בעיירתנו. ובכלל אוירת הפחד מהם גלתה לנו את ה״המן הרשע הזה״. אמנם לא ניתן לנו מה שניתן ליהודים בפרס ונמדי, אבל ניתן לנו בבית־הכנסת להשמידו בקולי קולות וברעש מרעיש עולמות, וזה נתן לנו לעשות כאות נפשנו, ואכן, אנו ניצלנו את ההיתר הזה, ונגשנו לפעולה ממש להכין רעשנים (גרייגערס ביידיש) ועל פי רוב עשינו ״המן קלאפערס״ דפקי המן, ובשביל זה השגנו לוחיות דקיקות על פי רוב מתיבות עץ שבהם ארזו שמרים לבצק או ריבה. שלושה לוחות כאלה היינו חותכים ומתאימים אותם לפי אורך ורוחב יד כפותינו, וכן שני מקלות עגולים הכנו וקדחנו בהם חורים בקצות הלוחות ברוחב שני חורים וכן במקלות, דרכם היינו משחילים חבל דק חזק והרכבנו את ״ההמן קלאפאר״ כדלקמן: השחלנו את החבל בשני החורים, שני הקצוות בלוח הראשון, אחריו בא מקל עגול מרשחל באותו חוט משני הקצוות ושוב לדח אמצעי ואחריו שוב מקל ואחריו לוח, וכך יצא שהלוח האמצעי היווה כעין לשון מתנועעת. השחלנו את הידיים בחבלים שיצאו משני צידי הלוחות החיצוניים והנענו בשתי הידים את הלוחות החיצוניים שהם הניעו את המקלות וכך נלחץ הלוח האמצעי פעם ימינה ופעם שמאלה ודפק על הלוחות החיצוניים ברעש גדול. כך הגענו בערב תענית אסתר לקראת קריאת ״מגילת אסתר״ מצוידים בכל מיני רעשנים ו״המן קלאפערס״ למיניהם.

## ״אסתר תענית״ וקריאת המגילה

הצפיה שלנו לערב הנצחון הגדול הזה, שהמוקד שלו היה קריאת המגילה, והנקודה המרכזית שלה ״המן המוקע״, הביא אותנו לידי מתח, אם כי אנו כבר מזמן תרגלנו תרגילים בכלי המשחית שלנו ״הרעשנים״ וה״המן קלפאערס״ שבועות לפני פורים, אך המתח לא פג. והנה הגיע היום המיוחל שלנו. אולם לדעת את הליכי הנפש של היהודים שלנו, זה רק לפני מספר ימים גמרו תענית ז׳ באדר דרב משה רבינו ע״ה והנה כעבור שבוע ימים שוב תענית וזה ״תענית אסתר״. ומתי? אור ליום לפני הנצחון הגדול של פורים, ולא עוד אלא שיהודי העיירה היו לאים, עצבניים ועצובים. כל זה לא התישב עם תפיסתנו, וערפל סמיך ערפל אותנו, אך עם ערב נמוג הערפל מעלינו, והנה מתקרבת השעה עוד מעט והיהודים בחטף יבלעו מהר את תפילת ה״מעריב״ ואז יגיע הרגע המאושר שלנו, כך השתלטנו בלי כל סייג על בית המדרש שלנו, ומיד עם הזכרת שמו של המן, בשעת קריאת המגילה, איזו שאגת נצחון פרצה מכל מיני צפצפות, רעשנים ו״המן קלאפערס״ ושופרות עשויים מגזע הכרוב. כל זה הרעיש את קירות בית המדרש. לי נדמה אם היה בא ״המן״ זה, פעם אחת לבית המדרש שלנו היה מגיע הוא בעצמו

למסקנה כי אם עם שכאלה עסקינן אז היה אומר לכל ה"המנים" שבאו אחריו וכבראה עוד יבואו שסופם לא יהיה טוב משלו. אך כנראה שליהודים נחוץ יעד של "תענית" לפני חג הנצחון.

## פסק זמן

אחרי פורים חלה במידת מה ירידה מסוימת במשחקים, אך פטורים בלא כלום? לא היה ולא יהיה כדבר הזה! בימים האלה הופיעו כבר ימי התחלת האביב לסירוגין, על כן התחלנו לנצלם לפי הצורך שלנו. בימים חצי גשומים חזרנו למשחק מחבואים, ובימים היפים שחקנו במשחק "תפוס אותי". היות והמשחק הזה היה כולו משחק של רצים אצים, היינו נאלצים להרחיק את עצמנו מה"חדר" של משה הלל'ס, עד שהגענו לרחוב של ר' מנשל'ה דין. הרחוב הזה היה מורכב משורה של בתי עץ מצד אחד, אשר קיר לקיר כמעט ישק. רק בשפועי הגגות אפשר היה להבדיל בין בית לבית, שהגיעו עד קצורי השדות אשר בהמות של הברון "גץ" היו רועים בהם, וממול היו רק שני בתים מבודדים. אחד של גוי שהיה "בטל בשישים" לעומת בתי היהודים, והשני בסוף הרחוב של "חבצ'ה המילדת" היהודית היחידה בעיירה, אותה אני זוכר מילדדתי כל השנים בלי בעל. היא עם שתי בנותיה היפות, אישה בעלת גוף, תמירה וגבוהה להפליא גם לעת זיקנה.

## בבית אחד יחד עם ר' מנשל'ה דין

אנו גרנו יחד עם ר' מנשל'ה דין זצ"ל בבית אחד, דלת מול דלת. בימים הלא קרים היה פותח את דלת דירתו בשבת, כדי לשמוע את זמירות השבת שבקעו מדירתנו. כי בביתנו היה נהוג לשיר את הזמירות בצוותא, לרבות האמא ע"ה והאחיות. כל המשפחה היתה מחוננת בקולות נעימים והשירה שגורה בפי כלם. זאת קבלנו מאבינו ז"ל, הוא היה צבע במקצועו, והצבעים היו ידועים בתור זמרים. אני נזכר איך נכשלתי פעם בפני ר' מנשל'ה דין זצ"ל. הייתי רגיל מסביב לבית לצפצף מנגינה, ולא הרגשתי שרב מנשלה נמצא בקרבתי, הוא קרא לי בזו הלשון "טוביה זה שנים שאני מבקש ממך ללמדני לצפצף וטרם נענית לי" בבושת פנים בקשתי ממנו סליחה, והבטחתי לו ששוב לא יקרה כדבר הזה, כי צפצוף היה בבחינת "עבירה", זה היה מנהגם של "השקצים הגויים" ולא כן יעשה נער יהודי, ואז נשארתי רתוק למקומי ולא ידעתי מה לעשות עם עצמי. באותם הרגעים הילדים שלו הביאו שולחן קטן וכסא, ר' מנשלה התישב על יד השולחן והתכופף מעל ה"חשן משפט", ובאותו רגע הגיע איזה אדם בתלבושת מהודרת מצויד במצלמת תירים מיוחדת והוא כיוון את עדשת המצלמה לר' מנשלה. חיש כהרף עין הפנה ר' מנשלה את ראשו לאורח ואמר לו: "סלח נא אדוני, למה כך בחטף? תמתין רגע, תן לי לסדר את עצמי, אסרק את זקני, אתקין את בגדי, ואז תעשה תמונה". דבריו הדהימו את האורח שהוזמן לשבת, ואני ניצלתי את המצב המיוחד הזה והסתלקתי מן המקום. עם ערב ידעו כבר בבית אצלנו כי האורח הוא פרופסור לתאולוגיה באוניברסיטת וינה (אוסטריה), ושהוא חברו של בנו בכורו, מאשתו הראשונה של ר' מנשלה. הבן הזה היה באותו זמן ה"רבינר" היינו - הרב הראשי של העיר וינה. את

תוכן השיחה ביניהם לא שמעתי, אך נתן לנו לשער ולהעריך כי זו היתה שיחה שעמדה ברמה של ידע ובקיאות בתלמוד.

איני זוכר ולו פעם אחת שראיתיו בלי לעין בספר. נדמה לי שגם בהליכתו היה משנן את משנתו. הוא, היה אחד היהודים הלמדנים והידענים בעיירה. היה מקובל בעיירה בתור ״החכם״ שבעיירה. ידען גדול, שקנה לו את עולם הידע בש״ס ובפוסקים בעצמו הוא, בלי כל יחוס אבות, כפי שזה היה מקובל באותן השנים בעיירות גליציה ופולין, שזכות השדשלת קדמה לידע. אצל ר׳ מנשלה אפשר היה להבדיל היטב בנקודה הזאת, בכל התנהגותו ויחסו עם הבריות, ואף בלבושו. הוא לא לבש בגדי הרבנים, כפי שזה היה מקובל על בני השושלת, כי אם כאחד מבני העיירה, ולא התנשא מעליהם בשום דבר אשר עלול לעורר חשד קטן שבההופעתו. הנה ״הדין״ הנה ״הפוסק״ הנה ״המוכיח ברבים״, להפך ר׳ מנשלה דין מרוב פיקחותו, חוכמתו וידיעותיו, ידע תמיד לפנות לצעירים בסביבתו, אשר זה כבר לא היינו זהירים במצוות המסורת, והוא בדברי נעימות ובאמרי בנף מלאי חוכמת הפדגוגית שקלעו ישר לליבנו ובינתנו. ידענו לכבדו ולהזהר מלעשות הדבר הקל ביותר בנוכחותו, שעלול חס וחלילה לפגוע ברגשותיו הדתיים והמסורתיים המקובלים עליו.

## קוריוזים המצביעים על גדולתו

הזכרתי שהוא היה היהודי החכם שבעיירה. כן, כזה הוא היה, לא רק בעיני תלמידי חכמים שידעו להעריך את ידיעותיו וחוכמתו, כי אם גם בעיני ה״עמך״ וזה בגלל פ ש ט ו ת ו. אך לא רק בעיני היהודים נחשב לכזה, גם בעיני הגרים שבעיירה הוא נחשב ל״חכם העיירה״.

והנה אחד הקוריוזים שהתרחשו סביב ר׳ מנשלה. שנה־שנה היו מביאים לר׳ מנשלה עגלת פחמים ותפוחי אדמה לפני ימות החורף, שי מהברון גץ מאוקוצ׳ים, בעל בית החרושת לבירה ושמרים הגדול ביותר בפולין. וזאת למה ? ובכן, הרי לכם הספור אשר עליו חזרו כל שנה בזמן שהביאו אליו את הפחמים ותפוחי האדמה. וכך ספרו: שעוד בימי אביו של הברון הזה הוא נקלע לסבך משפטי קשה, ולאחר שהפסיד בכל דרגות בית המשפט ולא נשאר לו אלא הערעור בפני בית המשפט העליון בורשא, ולפי פסקי הדין הקודמים היו ה הערעור קלוש מאד, וכל היועצים המשפטיים לא מצאו שום סיכוי לזכות באיז ו שהיא הקלה פחותה, ואז יעץ אחד מעורכי־הדין, יהודי, לפנות אל ר׳ מנשלה. תרגמו ליידיש את כתב התביעה וההגנה וכן את פסקי הדין הקודמים, ולפיהם היה על ר׳ מנשלה ליעץ ולמצוא גרסה והגדרה לפי הפוסקים היהודים. לא עברו ימים רבים ור׳ מנשלה מסר בכתב את חוות דעתו ועצתו. תחילה לא התיחס הער״ד לדבריו, אולם לאחר דיון של יומיים, הם הרגישו כי הכל אבוד, וליום השלישי לפני הסיכומים בא תורו של הער״ד היהודי, והוא הביא לפני השופטים את גרסתו של ר׳ מנשה ועוד באותו יום הוציאו השופטים פסק דין לפי הגדרותיו של ר׳ מנשלה. הברון גץ זכה בכל, את שכר טרחתו של ר׳ מנשלה לא אדע, אך את הפחמים ותפוחי האדמה שהביאו אליו ראיתי במו עיני, שנה שנה באותו הזמן.

כן, היו גויים אחרים בעיירה אשר בחרו בבוררות אצל ר׳ מנשלה, מאשר להישפט בבית המשפט האזרחי. הבולט בהם היה רביצקי, סוחר החזירים הגדול והאדם העשיר שבעיירה. הוא הביא לבוררות לפני ר׳ מנשלה, כל מה שנתן לו רק להביא לבוררות

בפניו, ולא אחת קרה לו שר׳ מנשלה פסק לרעתו והוא קיים את פסקי הדין ללא עוררין. פעם פנה יהודי, ידיד של אותו רביצקי ושאל אותו, איך אתה כל פעם פונה לר׳ מנשל׳ה, למרות זה שהוא כמה פעמים פסק נגדך? ועל כך ענה רביצקי ביידיש משובשת, שהיה אוהב לדבר, בדברו עם יהודים (״אז ר׳ מנשל׳ה געפאסקנט אזוי, דארף אזוי זיין״) אם ר׳ מנשל׳ה פוסק אז זה צריך כך להיות.

עוד אזכורה מעמד מיוחד במינו. בשבת דחול המועד סוכ ות עת ישבנו עם ר׳ מנשל׳ה דין בסוכה. עם גמר סעודת הצהרים היה תמיד מכבד את אבינו ז״ל בשירת הזמירות. זאת היתה ההזדמנות לשמוע מפיו ישירות את שירת הזמירות, אך הפעם רק אנו הבנים היינו לעוזרי האבא, כי הנשים לא ישבו בסוכות, ואחרי ברכת המזון נהג ר׳ מנשל׳ה להשאר ולנהל שיחה קלה. לפי המקובל עליו היה מטבל את דבריו בכל מיני פסוקים ואמרות מן התנ״ך והתלמוד והסביר שיבינו כל המסובין. בין היתר הזכיר את פרשת ״כי תשא״ שקוראים בשבת דחול המועד סוכות, ואבינו ז״ל נאנח קשות, ואמר לר׳ מנשל׳ה: ״טרדתי בעבודה אינה מתירה לי זמן וכח לעבור כדבעי על פרשת השבוע״, ועל כך ענה ר׳ מנשל׳ה בדברים האלה: ״האם לא די לך ר׳ חיים בזה שאינך נמצא בין הטפילים, הנך חי ומפרנס משפחה יהודית בזיעת אפיך, ומוסיף, האם הנך חרשב שכל אלה אשר רצים למקוה לטבילה, כדי לקיים את המצוות בכל לבבך ובכל נפשך וגופך, וטובלים את הגוף במקוה, עולים על מעשיך אתה, טועה אתה טעות גדולה, כן אתה בכל רמ״ח אבריך מקיים יום־יום את מצוות ״יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך, אשריך בעולם הזה וטוב לך בעולם הבא״. ולכן אתה ושכמוך, אנשי עמל זוכים לדבר החשוב ה גדול בחיים, ומה עוד תבקש ר׳ חיים. אחרי הדברים האלה פנה כל אחד לדירתו.

הרי, כמה נפלאים היו היהודים בעיירה

יהי זכרם לנצח נצחים

מסופר על ידי טוביה מינגלגרין
נכתב ע״י חיים בטלן.

## בריגלער טיפן

(וואס טוט מען נישט אלץ צוליב א בענקל?...) עפעס זענט איר מיר זער צעקאכט, ר׳ פנחס!

– א חידוש וואס איך בין צעקאכט? מיר לעבן דאך אין עולם הפוך, פשוט, אין אן איבערגעקערטער וועלט.

– דהיינו? וואס אטייט ביי אייך עפעס אלץ קאפויער?

– אוי, ר׳ משה, איר זענט דאך א בטלן שבבטלנים, אז איר פרעגט ערשט וואס, זעט איר דען נישט, אז די וועלט איז שוין ממש מער קיין וועלט נישט?

– ???

– אז איר פארשטייט טאקע נישט, וועל איך אייך אויפקלערן. הערט מיך אויס. איר ווייסט, אז איך בין נישט קיין היינטיקער. כ׳האב שוין עפעס איבערגעלעבט... פארשטייט איר מיך, אז איך דערמאן זיך אין די אמאליקע צייטן, טוט מיר א קלעם ביים הארץ. עפעס גאר אן אנדער לעבן. אנדערע מענטשן געווען.

– גייט שוין גייט, ר' פנחס! האבן זיך דען די מענטשן איבערגעביטן?

– יא, יא, טאקע איבערגעביטן! כ'לעבן, איר זענט א בריגלער – זעט איר דען דאס נישט אליין? מיר בריגלער יידן האבן שוין אזא מזל. קיין האניק האבן מיר קיינמאל נישט געלעקט פון אונדזערע מרשלים. ווי זאגט מען דאס? בעסער פון א קלוגן א פאטש ווי פון א נאר א קוש. און היינטזשע נאך פון א נאר א פאטש! כ'מיין טאקע, פארצייטנס, זענען געווען די מנהיגי העיר כאטש מיוחסים, שיינע יידן, פעיקע מענטשן – פשוט א תענוג געווען אויף זיי א קוק צו טאן... א הדרת־פנים, א בר דעת... היינט, משטיינס געזאגט, שעם איך זיך דאך א פנים ארויסצווייזן! אז איך קום זיך ערגעץ צוזאמען און מען גיט מיך א פרעג: פון וואנען זענט איר? ענטפער איך: פון נעבן קראקע... איך האב מורא, טאמער זאג איך פון בריגל, וועט דער גאנצער עולם אויספלאצן מיט א געלעכטער. מיינט איר דען, אז די וועלט שלאפט? מען נעמט א ליימענעם גולם מיט א מילכיקער, א גראבן יונג מיט א שמש און דאס קלאפערגעצייג וועגן די שטאט־טוערס, ווי עס איז געווען אין די גוטע צייטן.

ערשט פאר עטלעכע טעג האט מיר פאסירט אזא מעשה: איך באגעגן זיך צופעליק מיט אן אלטן באקאנטן, מיט וועלכן איך האב זיך שוין לאנג נישט געזען. מיר געבן זיך שלום און די ערשטע פראגע איז, כנהוג, ווו וווינסטו היינט?

דערהערנדיק די פראגע האב איך תיכף דערפילט, ווי מיין פנים האט אנגעהויבן פלאמען. איך מאך מיר הארץ און ענטפער, כלומרשט שטאלץ: אין בריגל ווויזן איך. ער, דערהערנדיק, אז איך וווין אין בריגל, שיסט מיין גוטער ברודער אויס מיט א געלעכטער און מאכט צו מיר: כ'האב באמת געמיינט, אז עס זענען אייך שוין הערבער אויסגעוואקסן...

איך קוק אים אן מיט א פאר נארישע, גלאנצנדיקע אויגן, ווי איינער רעדט: וואס מיינט מען דאס? און מיין פריינט נעמט מיר דערקלערן, אז ביי זיי שמועסט מען, אז בריגל איז געווארן א שטאט פון בהמות און דערפאר האט מען זיי געמוזט שיקן א גוטן וועטערינאר, טאקע א יידישן מענטש, מחמת ס'האט זיך אריינגעכאפט א מין מגיפה, וואס די שקצים רופן עס אן „ציוניזם, דעמאקראטיזם, סאנאציע" און נאך אזעלכע משונהדיקע נעמען, פון וועלכע אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס האבן זיכער נישט געוווּסט. מען שמועסט אפילו, אז אייער מורא דאתרא זאל לעבן, איז אויך אנגעשטעקט געווארן ר"ל.

איצט פרעג איך אייך ר' משה: צי איז דאס נישט קיין עולם הפוך? איך טראכט מיר נישט איין מאל: מי יודע, אפשר זענען שוין משיחס צייטן?

– זעט איר, ר' פנחס, כ'האב אייך געהאלטן פאר א קלוגן מענטש, א ייד א בר־דעת, וועלכער פארשטייט אן עסק און דערווייל רעדט איר גאר ווי א בטלן. פארשטייט איר מיך, פארצייטנס האט מען געברויכט אן אנדער מין פארטרעטער און דערפאר זענען אויך געווען אנדערע מנהיגים. די היינטיקע וועלט פארלאנג מאדערנע זאכן, דהיינו, א מסירהלעביים פריץ, אז דער איז א ציוניסט, אן אומטרייער בירגער, יענער האט א קליינעם שטייער... וכדומה. מוז מען נאכגיין נאך דער מאדע און האבן טאקע טוערס, וועלכע זענען באגאבט מיט די מאדערנע פעיקייטן.

און היינטזשע, אז איר האט טאקע די אמתע פארטרעטער, וועלכע טאען זייער „שטיקל ארבעט" מיט אזא מסירת נפש, פארשטערנדיק זיך דערביי נישט איין מאל דעם שבת אדער יום־טוב, האט איר נאך אויף זיי זיך וואס צו פארקלאגן? (מתרעם זו זיין?).

– אפשר זענט איר גערעכט, ר' משה. א ביסל האט איר מיר געעפנט די אויגן. פונדעסטוועגן איז מיר אבער נאך נאך איין זאך נישט קלאר...

– דהיינו?

– מילא, דאס מאדערנע „ערב רב" פון וועלכן מיר האבן געשמועסט איז מיר שוין פארענטפערט. אבער ווו קומען דארט אהין די גלחים, די בעל־עברהניקעס, ווי רופט מען זיי דאס? „אונדאייצעס", „ווארשעווער קהל־צעקנאקער", פ.פ.ס.־זוויידלען וכדומה? ס'איז דאך פשוט געוואלד צו שרייען אויף דעם דור הפלגה. ס' איז א גאנצער מיש־מאש: דער רב איז קיין רב נישט, דער חסיד איז קיין חסיד נישט און אפילו דער בעל־עבירהניק איז אויך נישט דער זעלבער. ס'איז דאך פארט משיחס צייטן!

זעט איר, איצט האט איר געפרעגט א הארבע קשיא, פאר וועלכער דער רבי אייערער וואלט אייך אלס יינגל זיכער געגעבן א קניפ אין בעקל. נאר פונדעסטוועגן, מוז איך אייך ווייטער זאגן אז איר זענט פארט פון דער אלטער וועלט און פארשטייט נישט קיין עסק. ווייל דאס וואס איר פרעגט זיך, דאס איז אזא מין חולאות, וועלכעס די רשעים, די ציוניסטן, רופן בלע"ז „בענקל־זוכעריי". און ווייסט איר דען נישט, וואס א ייד טוט אלץ נישט צוליב א בענקל?

– נו, און וואס זאגט דערצו דער עולם, כ'מיין די וועלער?

– זיי ווילן אייך דאך פארט נישט האבן.

– ווער עולם, וואס עולם? פרעגט מען דען ביי זיי א דעה? די וועלער גיט מען א געשריי: וואס? ציוניסטן וועט איר ווילן? און אריב דאס העלפט נישט, שרייט מען: דער פרייז הייסט אזוי! דער עולם דערשרעקט זיך און דאס שטיקל ארבעט איז פארטיק...

– הכלל, ר' משה, כ'מוז אייך מודה, אז איר זענט א קלוגער ייד, א „היינטיקער" און איך גיב אייך מיין הסכמה, אז איר זענט פעיק צו... גיין זוכן א בענקל.

אגרופף

**מאת: מרים שטרנגר (ברנשטטר)** **16.4.78**

## הברנשטטרים בעיירה בריגל

קשה, קשה מאד, אחרי מלחמת ההשמד הפיזית האכזרית שאין דוגמתו לשמצה, מידי הנאצים הגרמנים ימ"ש, להעלות דברי ביאוגרפיה כשהכל מאחוריך נשאר חרב וחרוך, ואין זכר בכתב עליהם, ועלי להזכר רק, במה שהשמיעו באזני בהיותי ילדה, הורי הקדושים ויתר בני המשפחה הי"ד, שנספו בשואה הארורה. משום כך אני נאלצת להצטמצם בזכרונותי הקלושים, והם לצערי אינם מאפשרים לי להרחיב ולתאר את תפקידם של הברנשטטרים בחיי החברה ובחיי העיירה בכללותה.

## אילן יחוסין גדול

אתלה באילן יחוסין חשוב מאד והוא הסופר המפורסם מתקופת ההשכלה מ.״ד. ברנשטטר ז״ל. אעזר בו ובאשר לו בהמשך דברי. כן אסתמך על דברי הביאוגרפיה והסופרים ומבקרי הסיפרות מאותה תקופה ואחריה. ולאחרונה במר בן־עמי פינגולד, ואלה יודעים לקבוע תאריכים מדויקים בדבר הולדתו ופטירתו של מ.״ד. ברנשטטר, ומתוך מה שהוא כתב אנו למדים שמשפחת הברנשטטרים בעיירה בריגל מייצגת היסטוריה של כמאתיים שנה.

בהסתמך על תאריך הולדתו 1844, היינו שלפחות דור או שנים היו תושבי העיירה, אם לא יותר, ובזכות זה, הנני מרשה לעצמי לכתוב על הברנשטטרים בעיירה. וזאת אני עושה בעקבות האוטוביאוגרפיה הקצרה של מ.״ד. ברנשטטר שהופיע בשם ,,תולדות חיי״ בעתון העברי ,,הדאר״ שיצא בניו־יורק ב־1926, ובו הוא מציין, כי נהנה מאד מהחיים העליזים של החסידים, וזו העדות המהימנה ביותר, כי המשפחות האלה חיו על פי האוירה הכללית המערב גליצאית והעיירתית של בריגל (,,גרילב״) כפי שכנה אותה מ״ד. ברנדשטטר בשתי הגבלות היינו חסידים לכל דבר, הורי שנולדו כ־30 שנה בערך מאוחר ממ״ד. ברנדשטטר הם שמחה ומנדל'ה ברנדשטטר, נולדו בבריגל עוד במחצית השניה של המאה הקודמת, והפכה במרוצת הזמן למשפחה ברוכת ילדים: נולדו להם 9 ילדים.

## סגנון חדש

אם כי הם כשלעצמם לא היו חסידים, כפי שזה היה מקובל אז בעיירה, לא אע״ז להצביע שזה בא להם עקב השפעתו של מ״ד. ברנשטטר.

הורי חיו חיים יהודיים מסורתיים ואף דתיים. למרות זה שמבחינה חיצונית הלבוש שלהם לא היה לפי האופנה החסידית בימים ההם. גם את ילדיהם הלבישו לא לפי האופנה החסידית, המאובנת, שנשמרה בקפדנות יתר על ידי החסידים בעיירה.

כן היה אצלנו בבית מותר לקרוא וללמוד מה שנחשב ונקרא באותם הימים דברי חולין. עם כל זאת גם אנו נגררנו מבחינה נפשית רוחנית אחרי האוירה כללית העיירתית.

## מאורע מיוחד במינו

הייתי משווה את זה למאורע המיוחד במינו שקרה לעיירה, והיא השריפה הגדולה האחרונה ב־1904.

השריפה הזאת היתה אש אוכלה וכלתה כ־90% מבתי העיירה. היא נבנתה מחדש לפי מתכונת מודרנית של אותם הימים, והפעם [illegible]ו את הבתים מלבנים, היינו, העיירה לבשה צורה חיצונית חדשה, דוגמת הערים ה[illegible]ולות, אבל מבחינת תוכן וסגנון נשארה העיירה בשמרנותה, ללא כל שנוי.

## קפיצת דרך

ואם נעשה אפילו קפיצת דרך עד ל־1919, הכל נשאר קפוא בימים אלה. אמנם אצל חלק מהצעירים התחוללה תסיסה והתעוררות ועשו פירצה בחומת ההתאבנות

